העריש לייב יונג

# די האַכער וואָלקנס

לידער

הויפט־פאַרקויף
ביים פאַרלאַג י. ל. פרץ, תל־אביב
1962

**HERSH LEIB YOUNG**

**HECHER DI VOLKNS**

I. L. Peretz Publishing House
31, Allenby str., Tel-Aviv

**הערש לייב יונג**

*

**העכער די וואָלקנס**

הויפטפאַרקויף ביים פאַרלאַג י. ל. פרץ
תל־אביב, רח׳ אלנבי 31





נדפס בישראל 1962
Printed in Israel

דפוס „ארזי" בע"מ, ת"א, רח׳ אילת השחר 4, טל. 34294

## אַריינפיר־וואָרט

מיט יראת־הכבוד טראָג איך צו מיין פעדער־שאַפונג צום חשובן לייענער און בעט אים, שטיל אין זיך, דורכקוקן, איבערחזרן, זיך איינלעבן אין פאָרם, זשאַנער, ריטעם, רעיון, ניואַנס, זאָג און קלאַנג.

אויגנבליקלעך דאַכט זיך אויס אַז איך בלאָנקע אַרום אויף איינגעטונקלטע, ניט אויסגעטראָטענע יחיד־סטעשקעס, מיט שטרויכלונגען אונטער די פיס;

וואַנדלט מען מיר נאָך, דערפילט מען זיך אין ליד אַריינגעזוּנט, איינגעציטערט און שטיל נאָכגעדאַוונט...

דער מחבר

## פלי, פאַנטאַזיע

פלי, פאַנטאַזיע
אַרום דעם ערד־תהום,
איבער אויבער־ספירות
כל־עולם־חורבות
וויסטע פינצטערנישן
שיפּועות, וואַלקן־קריעות;
יאָג אַריבער ליכט־יאָרן
מיט שטראַל־שנורן,
וואָס מעסטן די גרויס פון דעם אוניווערז.

שוועב אין דער להבה־סביבה
ווו אויבערשטע פייערן פלאַקערן
אוים דעם חושך־לויער
צו אַ יהי־אור.

טראָג מיך דורך דעם נעפּל־שטויב
איבערן קאָסמאָס פּאַרצויגן,
וואָס פאַרוואָלקנט די מראה פאַר די אויגן.

פלי איבער די גאַזיק־אייזיקע פאַרפרירן
אין תוהו־ובוהו־תהום.

היפער איבער די גלי־געשווירן,
וואָס צעבראַנדיקן דעם רוים.

די גרויסע לויז־צעצינדענישן,
וואָס ווערן איינגעשטילטע שטערן:
אַרויס פון שאַרבן,
טרייב זיך אַריבער מיט קפיץ־הדרך
דעם גיהנום־אורך,
ווו גייסטער־הענט טאַפן
צערויכטן עבר אָנצוכאַפן
די בויגן־פאַרבן —
די בלינדענישן
וואָס הילן איין נעכטיקן שיין.

ס'ווערט צעפייערט אין מיר אַ פורכט
זיך צו למד־וואָווענען,
אַ תפילה אויסצודאַווענען —
אַ געבעט, אַרויסגעבריט
מיט ברענענדיקער פרייד,
אין אַרביט זיך צו קרייזלען
לעולם־ועד.

# געלאַכט

ווער אין פינצטערניש אַרייַנגעלאַכט,
האָט אין פענצטער צו מיר בייַנאַכט?
מיך אַרויסגעהויבן,
פון נעפּל־גלויבן
אין הינטער־זינען צונויפגעשפּינען —
פון אימאַזש־געוועבן
אַ צעפליגלט עוף פון אומרו־שלאָף
אין די הייך און הערס אַרומצושוועבן.

צי קען געמאָלט זיין,
אַז לבנה מיט איר שיין
פון אַ וואָלקן אַ גרויסן, איז אַרוים אין דרויסן
אַ צעבליטע פול, איז געוואָרן דול
און געלאַכט
פון פלעדער־מייז, וואָס זוכן שפּייז
ווילד אין געיאָג —
דאָס אומפּלייט צו פאַרשלינגען?

ווער אין פינצטערניש אַרייַנגעלאַכט,
האָט אין פענצטער צו מיר בייַנאַכט?

ס׳קען ניט זיין דער הימל־וועכטער
מיט אָנגעצונדענעם לאַמטערן,
וואָס היט די אויבערליכטער
פאַרלאָשן ניט צו ווערן.

ס׳קען ניט זיין חצות־אָפּריכטער
איז פון מפּולת אָרוים
אויף טונקל־וועגן משיחן אָקעגן
האָט אין פענצטער אַריינגעלאַכט.
ווער זשע דען האָט געטאָן מיך וועקן צו לויפן קוקן:
— איז ווער ניטאָ
אַ לצון־שטן, וואָס איז אויסן,
שטערן מיר די רו?

ניין, אַ חוץ לבנה מיט איר ציטערשיין
וואָס הילט זיך באַלד ווידער אין אַ וואָלקן איין;

אַ חוץ דעם שומר מיטן לאָמטערן,
וואָס היט די הימלען מיט צעוואָרפענע שטערן
(אין כּח הקלה ניט צו פאַלן);
ניין! אַ חוץ מיין שאָטן — קענען מיר שטיין
הינטערן פענצטער אין דער פינצטער
אין די צעהעלטע גראָזן
פון דעם הימל־ליכט
רייף פאַרן שניט —
זע איך קיינעם ניט
אויפשרעקן מיך אין דער נאַכט.

## די תוכחה

אין דער כמאַרנער הויך
פון דער שכחה
הענגט די תוכחה
אויף אַ האָר פון דער צייט.

ס׳גראַבלען שד־טלאָען
די שעהען.

רוחות וואָיען אַרויס
וואָלקנס רויך.

ס׳טרייבט דער זכרון צוריק
צום טויטן־טאָל
אָנגעשאָטנט מיט וויסטער שרעק.

משוגע און אויסגעלאַסן!
מערדער־נעכט, ניט אויסגעטראַכט!
שיכורדיקע
טויכן אויף געדאַנקען:
זעסט —
פון אַ בית־עולם ערד
שפּראָצן אויף קללות חרמימדיקע,
שליימיקע,
רויט־פּיסקעסדיק צעלאַכט.

ס׳הענגט די תוכחה
אויסגעשפּרייט
אין דער כמאַרנער הויך
אויף אַ האָר פון דער צייט.
ס׳גראַבלען רוחות־טלאָען
אירע שעהען.

אויף פליגל־ווינט און רויך
רייט דער אורח־שד
און קאָסעט ווילד
דאָס געוויקס פון דער ערד.

# רוח־אלהים

ווי אין אַ וואָלקן אַ פינצטערן,
פלעמלט אויף פון טיפן דרימל,
שטורעמט דורך דעם טונקלען הימל
אין מיטן נאַכט — „אור־מחשבה",
„כל־עולם־גייסט".
צאָרנדיק, דונערנדיק, איבערן ערד־באַשאַף
אין אַן אויפטרעמאַס
ווו דער דעמאָן קרעלט
מיט גראַבל־לאַפּעס ס׳אינגעווייד פון דער וועלט,
און גייסטער־פערד, שדים־שקאַפּעס,
הירזשען מיט געברום פון גריבער אומעטום,
מתימדיק צערירט
בייז צעביתעולמט איבערן וויסט.

ער זעט: — שטעט געצלמט,
ווי פיקעס אויפגעשפּיזט,
ווייט צעשטרעקטע, ווי מיט בלוט באַפלעקטע,
אָפּגעשפּיגלט אין זיין בליק.

און ער טראַכט:
ווו, אין די מרחקים פאַרטראָגן,
— ווו אין די שחקים אָפּגעווענדט,
געווען איז ער פאַרבלענדט און זיך אַרומגעיאָגט
אויף אומוועגן —
ווייט פון די ליידן איבער עולמות צעשריגן?

געוועזן ווו?
אין געוואָגל הויך, ווי אין אַ וואָלקן־רויך
צווישן קאָסמאָס־האָגל?
ווו דונער־געהילכער פון פייער־געליכער
בייטן אייביק די צייטן?

ווו איז ער געוועזן — ניט צו זען
די מגיפה — תחתון־שריפה,
די שחיטה,
דעם שטן מיט זיין רשעות־רעה,
וואָס שוועבעלט אַ כמאַרע
אין די שפּאַלטן פון דעם אויסשפרייט קאַלטן,
ווו ס׳דעכעט, דראַכעט פון תהום
די שלאַנג — צעצונגעלטע מיט סם?

איבער וועלכע תוהו׳ס האָט ער ארומגעשוועבט?
אַ חזק־אמץ פאַרזייעט
אַ וויוואַר צעריר
איבערן אזור: —
ווו ס׳פאַרויכערט ווערן
די פינקלענדיקע שטערן.

ער האָט געטראַכט:
דאָס וועלט־געוויסן, — מחבליש פאַרפיינט
איז ווי אַ שטשור, אין עק איינגעביסן
זייגט דעם עבר־זשאַווער, גריזשעט דעם היינט.

וועלכע ברייט און ווייט תוהו-ובוהו׳ס
האָט ער, דער אורזין אין וואכן
מיט זיינע בליקן דורכגעשטאָכן?
דעם נעפּל פון פאָספאָר און שוועבל,
די שטחים וואָס זיך פורעמען —
נייע וועלטן אויפצושטורמען.

אַ ווו געווען איז זיין „הון-קרן", „נזר-רעיון"
וואָס איבער הבל-בריקן
קען צוריקריקן דעם אויסשפרייט פון צייט?
ווו איז ער געווען אין אַ געווירבל, אָפּגעקערט מבולבל,
ניט צו זען די ערד — אַ פאָהיבלטע, אַ צעמחבלטע?

ווו האָט ער געקענט אין אַ וואָלקן גראָען רוען?
אויסערן צירקלראָד,
ווו אין שטאָט, און אין שטאָט
פייפט אוים לילית דורך גאָרגלען פון טויטע
אַ צונויף-רוף מיט חרמה
די שוואַרצע קראָען —
אין די ניט-משמור-שעהן אַרומצופליען,
אין דער בהלה צו פּיקן די אויגן פון דער נבלה
וואָס גלאָצן, דרינגען דורך די שייטערן
רוח-רויך געשטאַלטן,
פאַרשאָלטענע,
אַ ביטער-שריפה —
אַ גאַל-געוואַלט פון אַל-גרוים נשמה
איבער די משחית -שוועלן הרוב-גבולן.

ווי אין אַ וואָלקן פינצטערן, אויפגעוואַכט פון טיפן דרימל,
פלעמלט אויף אין מיטן נאַכט, שטורעמט דורך אין הימל,
אין בליץ-געלויף אור-מחשבה —
פייער-דאָרנדיק, צער-און-צאָרנדיק,
שוועבט מיטן „חרון-אף" איבערן ערד-באַשאַף —
— אַ נעפּל-אָנגעזויפטע, אַ באַשלאָפענע פון וואָלקן-שוואַם,
אַטאָם-סם,
פלאַמיק צעטאָפּעט.
ס'סאַפּעט אַרוים פון די טויטע אַ מיתה-אָטעם
צעוויגנדיק די ווילד-גראָזן
אַן אבלה! לבטלה!
ווינטנדיק צעבלאָזן
מיטן עבר, ווי נאָך אַ פּגר,
ווי אַ שוואַרצער וואָלקן-קאָלטן
מיט אַלע טויטן אין זיך אַריינגעשאָלטן
סם-גאַזנדיק וואָס שטיקט,
אַ תוכחה פון די לעבער אַרויסגעקוקט,
און איבער דעם, דער רוח אלהים
טראָגט זיך שאָטנדיק דורך, ווי אַ פייער-ברען,
און טראַכט: ווו איז ער געווען?

## אין צווישנצייט

ס׳שרפֿהט פּורפּורדיק אַן אויג
איבערן ים.
אין מערב־וועלביקן אויסבויג
זינקט אין וואַסער־שוים
בין־השמשות.

אַ! האַרץ מיט בלוט!
צעפּאָמפּט פֿאַרפּרומט,
אין דעמער־טונקלעניש —
צייט־קווענקלעניש.

זעל פֿאַרטערעטע! פֿייכטער בליק, פֿאַרגאַפּט!
תּפֿילה ניט דערהערטע —
— „ווי אַ זייל זון־שטויב, אין געהויב,
צו — דער בלענדנדיקער הויך״,
ווי אַ פֿייער־רויך
צום אור־טהור.
כ׳טראָג, הייליק קראַנק,
אין מיין בליק
אַ בענקשאַפֿט
צום פֿאַרביקן הימל,
ווי אַ שרף־קרבן —
כ׳וויל פֿאַרגיין, ווי אין שיין געלייטערטן,
און שטאַרבן,

ווערן פֿאַרברענט,
ווי אַ שמעטערלינג,
אין בלישטש פֿון זון
פֿאַרן אָנקום פֿון פֿינצטערניש
וואָס הילט איין דעם לעצטן בלענד
איבערן אויסשפּרייט, אין דער ווייט.

אין וואַך און אין שלאָף
פֿון געבוירן אָן
מיינע בלוטן בריען
אין אַ זיך לעשנדיקער זון.

זעל! צעטרילטע ווילד,
מיסטישער סוד!
הייסער אָטעם אויסגעבריט!
נפש — תמימה —
ניט ווערענדיק מיד
איינצוזאַפּן מיט יראה
ס'צאַפּלען פֿון דער פֿייערדיקער מראה —
אַ פֿאַרגיי — תמיד ניי!

אין איצטיקן פֿאַרטראַכט דאַכט מיר אויס:
אַ שנייאיקע מויד, אַ צעפֿלאַמטע רויט,
ווי נאָך ביאה — אויף אַ כמאַרע-קריע,
פֿאַרגייט אין טראָגן,

טוט זיך אונטערטונקען און פֿאַרשווינדט
אויף איבער נאַכט,
גרייט אויפצוגיין
אין מזרח-זייט
אין די פֿאַרטאָגן.

אויף אַ וואָלקן-פֿערד מיט פֿליגלען
ווערט אַ פֿייער-משיח אויפֿגעריטן,
געמינעט אין קאָלירן,
וואָס שימערירן זיך אַריין אין ים
אים אָפּצושפּיגלען.
און ס'ווערט דער דערלייזער —
רויט צעזשאַרט —
אַריינגענאַרט
אין שטראָמיקן וואַסער-תהום
פֿון זיין שאָטן, שטן'דיק פֿאַרראָטן.

אָ, בלוטן!
פֿון געבוירן אָן
אומגעקילט-צעשפּילטע באַנג
אַקעגן צעשטראַלטער זון!

אָ, זעל! צעטרילט, ווילד!
פֿאַרבענקט נאָך פֿאַרגענגלעכן בילד —
ווער געזאַנג!

# באַשרענקט

ווי איבער דעם בורענדיקן אָקעאַן
פֿאַרן זונאויפֿגאַנג
אין די פֿריען,
איז די גלוסט־טבֿע פֿון דער מעווע,
אַן אויפֿגעציטערטע אין געמיט,
אַ פֿלאַטערנדיקע
אין אַרומפֿליען —
— כאַטש אַ קוויטש אַרויסצושרייען

אַזוי אין מיר דאָס וואָרט,
וואָס שפּאַרט פֿון דער טיף,
— איז „אַ צומצם־מידעיום"*
נפֿשדיק באַשווערט
אַרויס — „רעוועלן"** די געפֿילן.

ס'איז שוואַך די שפּראַך
אימאַזשן צו מאָלן.

אויף קאָוואַדלע פֿון דענקען
אַרויסהאַמערן נשמה־פֿונקען.

כאַטש פֿלי אין די הימלען
ווו די שקיעות זיך לעשן

---

* אַ קנאַפּער סוביעקט, אַ באַשרענקט מיטל זיך צו פֿאַרשטענדיקן.

** אַנטפּלעקן, אָפּהילן, אַרויסדערקענען.

און דאָרט אין דער הייך שמיד
אַ פייער־לשון
פון מעטעאָרן
און שטערן —
זיך איינצופלעמלען
אין פליסיקן גום
פון דיין דם־התמצית
וואָס וועט שרפהנען דיין דער
סופרן זיך אין אַ שפּראַך
פון די טיפענישן אויסגעבריט.

# אַן אומבאַלויכטענער

אין דער פינצטער
פון דעם אומזין אָן ליכט
האָב איך דורכגעשפרייזט
די הייליק־קרומע דורכגאַנג־װעגן.

און װאָס געקומען אין גאַנג־שטעג
פעלדזיק, שטײניק, מיר אַקעגן —
האָב איך אַרומגעקרײזט;
װי אַ װאָרעם געשלענגלט זיך
צו די שימל־היילן, װוּ די באַבעס װעבן
טונקל־שאַלן, דעם דראָזש פון לעבן
איינצוהילן
און װוּ דער אומעט־פויגל
דזשאַבעט דעם לאַך פון לאַנגװייל־בייגל.

איך קריך נאָך איצט
איבער פאַרװעלקטע גראָזן,
קלעטער הויך צום טורעם —
ניט פון עלפאַנטביין געשניצטן —
צום לעצטן פּוסטן געבוי, איינגעשאָטנט אין אַ נעפּל
פון דעם ניט הי,
װוּ אַלע חלומות זענען אויסגערינען,
אַלע זעענישן פּונעם אויג אַנטרינען,
אַלע געדאַנקען אויסגעטראַכט.

און לילית-ווייבער שטריקן
פון פעדעם נאַכט
איבערגאַנג-בריקן
צום אוים —
חושך בלויז,
וווּ ס׳גליווערט
אין תהום דער טרוים מיינער
פון מאַרך און ביינער...
הבלים פון מוח-מחבלים —
אַ שלאָף, גרוי איינגעהעקלט —
אין אַן איינגעוואָלקנטן סוף.

# דער בעל־קללה

ערגעץ־ווּ, אין אַ טעמנע פאַרקריך,
זיצט ער אויף דער ערד
מיט די פּיס אונטער זיך
און פרעגט צעקריגט די פינצטערע וועלט:
צי האָט זי איר תאווהשע גלוסטונג געקילט
האָבנדיק אין אים אירע סם־פיילן געצילט?
געטיפט אין אים אַ פאַרביסענע ווּנד,
צעפּאָכעט נשמה — ר׳זאָל בילן ווי אַ הונט?

די קללה — וואָס ער שעלט —
ווער וועט דערהערן
אַ כלבישע תפילה?
אַז די פרי־זריחה אַפילו,
אַ צעצינדענע רויט,
איז אָנגעהאַוקעט מיט טויט.

פאַר וועמן זיך קלאָגן
אין אַן אָנשטערענדיקער נאַכט?
צו דער לבנה, מיט פאַלש ליכט
אין די וואָלקענעם פאַרשלאָגן
עלנט ווי ער?

צו וועמען זיך קערן
מיט אָנגעשטויסענע רייד,
וואָס פאַלן אַזוי שווער —
מעסער־לשון וואָס שניידט?

חושך-שוואַרץ, פאַרשוויצט, אויגן אויסגעטרערט,
זיצט ער אַצינד
אויף ווערעמדיקער ערד
אָן שיך, מיט בלוטיק-בלאָטיקע פּיס אונטער זיך
אַ צעוויגטער.
שעלט צעקריגט די פינצטערע וועלט —
צי האָט זי איר רויט-פּליסיקע תאווה געקילט?
אַ רוחישע בייזקייט אין אים איינגעשפּילט?

צו ווערען די תרעומות, די גאַליקע קלאָג
פון אַ פאַרהאַרציקטן ווּסט? —
צו דער שטנדיקער לוסט
פון די תחתון-תהומות?
צום גיהנומדיקן פאַרטאָג?
צו דער לבנה ווי אַ זונה,
אָן אויסגעהאַווקעטע צויג?

צווישן כמאַרע און כמאַרע —
דאָס וועלפישע אויג.

# כ׳גיי אַרויס צום ים...

פון ציקל: אינדיע — ניו־יאָרק

(נאָך טאַגאָר)

כ׳גיי אַרויס צום ים־באָרטן
מיט אַ בליק אַ געגאַרטן
אין מזרח געווענדט:
צי שאָטנט ניט אָן אַ שיף
מיט אַ בריוו צו מיר
פון ווייטבלענדיקן אָריענט?

שאַקונדראַ.

כ׳גיי אַרויס מיט גרוים בטחון
אויף גוטע בשורות.
דאָס קוק־גלאָז אויסגעווישט,
פּרוּוו איך מיט דער ראיה זוכן,
וויל טרעפן:
צי אַ צעווינטלטע פאָן אויפן מאַסט
ווינקט ניט אָן
וועגן אַ כתב וואָס דו האָסט
געשיקט
און „אַ פאַרגעס מיך נישט״
צווישן די שורות?

שאַקונדראַ.

אַ זינגפֿייגעלע טשוויטטשערט אויף אַ בוים
אין אָרום־פּלי, וואַרטנדיק אויפֿן שווישטש־רוף פֿון זײַן זי.
מיט אַ פֿריער פֿרייד אין אַ פֿאַרשיכורטן טרוים
כ׳בין אַרוים צום אָקעאַן,
און דורך די ברילן
געקוקט צו דער גילדענער ווײַט
טאָמער אַ זעגל־שיף
אַ ווײַסע אין שימער
אויף די כוואַליעס גרויסע
שווימט אָן מיט אַ בריוו.

פֿאַרנאַכט, אויפֿן וועג אַ היים,
כ׳האָב געזען איבערן ים אַ וואַסער־גאַנדז,
צעפֿליט צום האָריזאָנט, וואָס דערמאָנט,
אַ טויבן־פּאָסט —
טאָמער דורך איר איז די געשיקטע בשורה מיר?

שאַקונדראַ.

גיי איך אַרוים פֿאַרטאָג און קוק
הויך איבער דער שיפּסהעד־בריק,
פֿאַרשאָטן מיט דער האַנט דעם בלענד.
אַזוי יעדן אינדערפֿרי וואַרט איך אויף דער שיף
מיט אַ צעפּאָנטן מאַסט, צי אויף דער אָנפּלי —
מיט אַ בריוו — פֿון דער טויבן־פּאָסט —

שאַקונדראַ.

# ערד ווי פּאַקל אָנגעצונדן

אַז די ערד וועט זיין
אין דער אָרביטע פליענדיק, מיד
ווי אַ פייער-פליג
הויך קאָסמיש צעגליט
אין איר פאַרלענד?

און אַז דער ערד וועט זיין באַשערט
מיט שאַנד
צו שפּינען
זיך אין סוף פון אירע טעג
אין אַ מבולבלדיקן פאַרוויר
פאַרן בית-דין
פון לויכטנדיקע זונען —
וואָס וועט זי טאָן
אין איר בושה?
אַרויסקינדלען
הרוגים פון בייכיקן געשוויר?

אויסשפּייען
— דאָס איינגעזאַפּטע
רויטע אָדם-גוף פאַרגיסונג
וויסטונג, וויסטונג אין מלחמה,
מיטן גרעל-גרויל
גליווערנדיקן אויסשרייען
דאָס ווייגעוואַלט פון דער נשמה?

וואָס וועט זי טאָן
אין ליכט פון די זונען
דורכשפּיזנדיק
דאָס קבֿרות־אָרט פון טויטע —
ווי שטראַל־ווערעם
איר דורכשרפֿהן די גערעדרים ?
וואָס וועט זי טאָן
אונטער דער השגחה
אַן איינגעהימלטע
אין איר זינדיקן אַרום־קרייז,
אַרום דעם איינגעסדרטן אוניווערז,
אַ צעטומלטע
אין דעם אָנלויף פון איר סוף ?

# געשיקט א קאַראַוואַן

פון ציקל: אינדיע — ניו־יאָרק

(נאָך טאַגאָר)

כ'האָב אַרויסגעשיקט אַ קאַראַוואַן
אין די מדבר־דרכים בלינד
צו זוכן דעם וווּנדער־קוואַל
צווישן זאַמדיקע בערג
אין דער „מאַרמאָרע־וויסטע".

ערגעץ איז פאַראַן
אַרום האָריזאָנט וואָלקנדיק צעצינדט
אַ צעשפּילטער וואַסערפאַל
שטראָמיק — שוימיק
אַראָפּ דעם פעלדז — האַר־מאַר־מערק
מיט אַ ליכטעניש אַ צעשפּיזטע
וואָס דערפרישט
דעם וואָגלער מיד, מיט טריט
זינקענדיקע
אַ דורשט־דמיונדיקער, צעמישט.

שאַקונדראַ.

כ'האָב אַרויסגעשיקט אַ קעמל־געשפּאַן
מיט שליחים הינקענדיקע
נאָך נעכטן
איבערן משופּע־וועג
צום האַרמאַנט־לאַנד
ווו ס'ווערט צעלויכטן
מלאָכימדיק
דאָס שימער־גליק
אין די מאָרגן־טעג.

לאַז מען אַנלאָדן
אויף די קעמל-האָרבעס
דעם בלישטש-בלענד
אין רוק-זאַק-טאָרבעס
און ברענגען מיר
צו צעטיילן צו בעטלער אַן אַ שיער
קראַנק צעוועקטע,
הענט צעשטרעקטע,
צעשראָקן, מיט בליקן
רויט-גליענדיק צעברענט.

כ׳האָב אַרויסגעשיקט אַ קאַראַוואַן
מיט האָרביקע קעמלען,
ווו די ברעגן פון דער ערד
זיך גרענעצן מיט די הימלען
און מזרח-זרוח פייערדיק ווערט
פּורפּורדיק צעשטראַלט.
איבער אַ וואַסערל צעקוואַלט
— פון אונטער די טומאַנען אַפיר —
וואָס טראָגט אין לויף אַ פלאַם-שטראָם
— צעפליסט און ווערט ווו אײַנגעוויסט —
לאָז מען שעפּן פאַר מיר צו זיפּן
מים-חיים קילן
דעם דורשט צו שטילן.

שאַקונדרא.

# באַגלייט דיין ליד

באַגלייט דיין ליד
אויף גיטאַרע־סטרונע,
מיט אַ צעפינגערטן וויבריר
מאַניע אַרוים די לבנה
פון אונטער די וואָלקענעס ווי אין שנייאיקן פאַרפריר
צו כישופן מיט איר מיסטיש ליכט די נאַכט.

אַרוים פלאַטערן זאָל, פאַטאַל,
פון צעפאַליעטע שלייערן
אַ פאַטאַ־מאָרגאַנאַ
דיין אויסגעחלומטע זי
מיט צעשטנטער גלוסט
לוסט, צעשיכורטע
מיט לייבלעכן ברי, אין זיך איינגעגליט
אַ צעפלאַקערטע.

לאָז זי אויפקומען
ווי פון אַ מעסמער־שלאָף *,
פון אַ זדראָכענדיקן נעפל,
די אָרעמס צעשפרייט פאַרשייט
אויפן צעזועלטן ברומען
פון דיין מזמור־שיר
צענפשנדיק די זיבן תאוות,
וואָס צעאַקערן דעם גוף.

---

* היפּנאָטישער שלאָף

לאָז זי אויפקומען
אין די מחשבות
מיט די „פּאַשאָן־פּייערן"
פון נירוואַנאַ,
דאָס זידנדיקע אָפּקילן,
די געבלוטן איינשטלן.

סערענאַד דיין ליד
אַרויסגעברומט פון דיר
צו פולפּנמדיקער לבנה
און צו איר פון דמיון־עולם
איינע פון די וואָלקענעס אַרויסגעשיינט
מיט אַ היפּנאָז־רייץ,
די אַנדערע מיט אַן אינערלעכן צעהייץ ווי פון מיראַזשן־חלום
ווענוס־צויבערדיק באַחנט.

# פאנטא שורו

פאַנטאַ שורו!

ס׳בענקט זיך נאָך יענעם שבת צונאַכטס,
ווען אין אַ שפּעטער שעה
מיר ביידע יונג פאַרשיכורט,
צעפּלאַטערט און באַהאַרצט,
ליבע להוט,
האָבן אַליין — שאָטנדיקע געשלייכט
איבער די געהיימע טויבן־סטעזשקעס
פון דער שלאָפנדיקער שטאָט,
באַגלייט פון דער לבנה
אַ חלומדיקע פאַרטראַכט,
וואָס האָט דורך די וואָלקענעס געשווערצט
ווייט, ווו סוף־חודשן זיך שפּינען
אַ רו צו געפינען.

ס׳בענקט זיך נאָך יענער שעה
ווען איך און דו
תאוודיק צעמישט
האָבן דאָס האַרץ־שיכרות
פון זיך אַרויסגעקושט מיט הייסן דעך
ליפּ־זיפּנדיק, נשמהש בליפּנדיק.

און די לבנה,
וואַנדלענדיק צו איר רו,
האָט אין פּנים דיר אַריינגעקוקט,
אַ שטראַל־לענטע אין דיינע כוואַליענדיקע האָר
אַריינגעשטריקט —
אַ מתנה
דיר אויף דער פּולער וואָך,
פּאַנטאַ שורו!

## די אָנפינצטערניש

אין זוהר-וואַלד פון עולם-עליון
האָבן כרובים צעפליגלט
קדושה-סודות איבער די הללויה-ביימער
און געזונגען צו דער „זהרה-דשמייא"
פון די אור-הגנוז'דיקע בלומען
אויפגעבליטע מיט נשמה-ריחות,
און די „עתיקי יומין"
איינגעשכינהטע, האָבן נהנה געווען
פון דער זריחה —
אַ זמירותדיקע אויף אייביקע ציי‍טן.

נאָר פּלוצעם! פּלוצעם!
איבער דער תפארת
האָט אַ שאָטן זיך אָנגעטראָגן.

אַ יללה! אין אַ נעפּל, פון עולם השפל אַ לעצט
פיל-מויל-ציטער-קול
אין אַ שטורעם-כמאַרע פינצטערדיק אָנגעשלאָגן,
אַ דורכגעיאָגטע איבער די עשר-ספירות,
האָט הרסדיק פאַרמראַקעט דעם שיין,
איינגעחושכט דעם וואַלד,
פייערן אָנגעהאָגלט,
די ביימער איינגעבראָכן,
כרובים געטראָפן,
דעם ריח-לשון אויסגעלאָשן
שכינה שטויב געווירבלט אין דער הייך,

די מלאכי־השרת פאַרטריבן
אַריבער די גנזי־נסתרות,
ווו דער שטן מיט זיין כיתה לויערט.

און די צדיקים מבולבלדיק,
געבלינדיקט פון רויך,
אין אַן אָנוויסטעניש באַהאַלטן —
האָבן רבנן־קדיש געזאָגט,
און געקוקט פאַרטרויערט
אויף דעם קין־צייכן,
ווי אַן עמוד־אש
איינגעהימלט אויף תמיד,
ווו מער ניט טאָגט
און די השגחה טרויערט.

# קרישנא זאָגט

פון ציקל: אינדיע — ניו־יאָרק

(נאָך טאַגאָר)

קרישנאַ זאָגט:
ערגעץ איז דאָ אַן אָרט
אַן געווילד, וואָס פאַרצוקט,
אַן מאָרד,
אַן שלאַנג, אַן גיפט,
אַן שוועמל־סם אַן — ביטער־טעם,
אַן געפּעכט און אַן פינצטערע נעכט.

שאַקונדראַ.

ס'איז דאָ אַן אָרט,
ווו זון־באַגילדט
קומען מלאכים אַהין צו פליען —
בלומען אויפצובליען
מיט פאָכענדיקע פליגל.

אין וואַסער־שפּיגל
קוקט אַריין דאָס גרויסע ליכט:
געשטאַלטיקט זיך אַ בילד
ווי אַ פייער־רויז
מיט ציטער־פאַרבן,
פאַרגליען די שעהען,

פאַרשיכורן אין אַ חלום
דאָס חיות וואָס שוועבט אָן אַ שאָרך אַדורך,
די עץ־החיים־בלעטער
מיט אַ תענוג־עולם.

און דער „ליפּטום־פויגל"
מיט אַלקאָלירן
אויף אַ ווערבע־צווייגל
שפּרינגט און זינגט.

און ווען ס'איז באַשערט
צו האָבן דאָס אין נשמה איינגעזאַפּט,
צי אין אַ פידל אַריינגעכאַפּט,
און נאָך איבערגעבן אין אַ ליד ;
און ווער ס'איז זוכה און הערט
זיך צו צום עמקות,
פון דעם ניגון שטיל,
צום מתיקות פון סטרונע־שפּיל —
זיין אויג פול ווערט,
שטילע טרערן פאַלן צו דער ערד.

שאַקונדראַ.

## ווער וויכערט אַרום ?

ווער וויכערט אַרום
אין אַ פינצטער־חלום
מיט זאַווײ־געבראָם,
ווי ווירבל־שטורעם
איבער חרוב־דעכער
מיט ווינטיק פייפן אין די לעכער,
אַ חושך־קלאַג:
פון צווינטער־גלעקער צעוויגטע,
מיט זשאַווער־צונגען צעקלונגען ?

מחבלים אויף וואָגן
אָן רעדער
פון עק־וועלט סעדער
פירן פרוכט, פון שד פאַרפלוכט
געפליקט פון צווייגן
אויף פוילן בוים ביים ברעג פון תהום,
וווּ ווינט פאַרזייעט
רוחות־שויטן אין זאָמען, ווילד־פלאַקס זאָל וואַקסן
אין „טונקל־זוויער" *
וווּ ס'איז שוואַם, סמיק, מאָך, שחכהיק,
אויפגעיווירן
און וווּ פוקס און טכויער,
איינגעקאַרטשעט וואָרטשענדיקע,
הויערן...

---

* (טיפער באַרג — צווישן־שפּאַלט)

דאָרט לילית-טעכטער
זיפֿן יויך פֿון שאַרבן
זיפֿן, מיט מנובלים-ליפּן
און ווי זשאַבעס שעלטן...

ווער וויכערט אַרום ווי טייוואָלים
אין פֿינצטער-חלום?
יאָגט, ווי ווירבל-שטורעם צו וויסטן
אין די חרוב-דעכער
אַ חושך-קלאַג: —
און מיט פֿלעקער אין זשאַווער-גלעקער
אויסשלאָגן נאַכט
פֿון אַ מכשפֿה-שויס,
וואָס זיצט אין לופֿט-חושכן און לאַכט,
ביז זי לאָזט זיך אויס,
לאָזט זיך אויס...

## „פּעמע — סאָלע״

אין אַ קאַיאַר,
אַ פּריאיק קאַלטן, כ׳האָב געזען דיך
פון אַ וואָלקן אַרויסגעשטאַלטן
אויסגעמירמלט ליכטיק
מיט אַ פּעמין־חן,
אַריינגעבלענדט, אַ חשק־שטיף, אין דיין גוף
אַ רייץ,
וואָס לאָקט, גלוסט,
ציט מיט לוסט,
צו די רונדלען, וואָס קוועלן,
פון זיך אַ תאווה.

אָ! דו זי!
שטאַטור — אויסגעטאָקטע חוה
פון אַ הימל־האַנט
ראָזיק־רויט
מיט די האָר צעפלאָכטן
גאָלדיק־בלאָנד באַלויכטן
פון זון אין פרי־באַגין.
אימאַזש פון כמאַרע געפורעמט!
פאַרן אויג אַ גענוס —
מיט אַ שמייכל און צעשיינטן פּנים...

דו זי! פון „עדן-אינדזל"
מיט פאַרב און פּינדזל
מאָל איך דיך אין זיך:
דיין געזיכט באחנט
מיט שאָטן-ווינקלען
און אויגן וואָס פינקלען
אַרום אַ צניעות
פון הינטער די וויעס
אָ, דו, „פּעמע-סאָלע"!
טרוים פון וואָלקן-שוים, אויף אַ רגע צייט
אין רוים פון וועלט,
פאַר חידוש-בליקן ניט זאָט זיך אָנצוקוקן;
פאַר ניט-גוטע — אַן „אַפראָדיטע",
וואָס צינדט אין בלוט אַ זינד.
פאַר צדיקים — שולמית פון שיר-השירים,
אַ שטילע פלאַטער-תפילה
אַ זמר-לויב באַשיינט פון שכינה.
אַ פאַרגאַף — גאָטס באַשאַף!
כ'נעם: — „פלאַם-פאַרב" און פּינדזל
און מאָל דיך גיך:
אַן אימאַזש! אַ מיראַזש!
אַ מראה — פון כמאַרע! אַ טרוים — פון שנייאיקן שוים!
אַ סטאַטוע אַ ראָזע.
אַ נאַקעט הוילע!
„פּעמע-סאָלע"!

# אין די הויכן

אין די הימל־הויכן
דרינג איך דורך מיט דער מחשבה,
פלוין נאָך פלוין,
מיט פאַרלוירענע ליכט־יאָרן,
וואָס בלאָנדזשען בלאָס אין אויסגעוועלבטן כאָאָס
צווישן צעזייטע שטערן
— און איך זאָג: הערט,
כ׳קום פון אַ העק!
די שימלדיקע ערד —
אַן אַמאָליקער קאָמעט —
געוויטערדיק אויסגעקנעטן,
געטערדיק אויסגעטרעטן
צו אַ דריידעלדיקן פּלאַנעט
און אין „סאָלאַר"
איבער איר, אויפגעריכט,
הענגט אַ וואַנדער־ליכט, וואָס שענקט
דאָס חיות צו דער פלאַנץ
דעם קיום פאַר ברואים
אַ ברען־באַלאָן זון,
וואָס באַלייכט דעם באַדייט —
פון אויסגעשפרייטער צייט,
אויסשימערנדיק דעם טאָג.
מיט איר שאָטנדיקער לבנה־שיין
צעבליסקעט זי די נאַכט...

אירע שטראַל-שפּיזן
דרינגען אַריין
טיף אין דער ערד
און ברענגען אַרויף
— געוויקסן, גראָז, בלום און שפּייז
אַן אויפשפּראָץ
כלאָראָפילליש צעגרינט
בליסקעט זיך אַריין אין די בוים-בלעטער,
אויפגעפעכעלטע,
וואָס ווינטלען חיות.
און מיר באַשעפענישן
דעכען זיך אוים
בנשמה-שלימה
אין איר בלענד
איינגעאַבערט אין אונדז
און צעהעלט איינגעליכטיקט
אין דער סודותדיקער וועלט ,
צעוווּנקט און פאַרבענקט.

# אין דיינע אויגן

אין דיינע אויגן
טיף פֿאַרבלויט
איז אַ פֿונק פֿון זון
אַריינגעפֿלויגן.

ברענט ער און גליט
און פֿריילעכט דאָס געמיט
צו כאַפּן דיך —
גלוסטיקע מויד,
וואָס פֿאַרשרפּהסט מיך —
דאָס שעלמיש-פֿייערל
לעשן, קושן,
מיט ברענענדיקע ליפּן,
דעם גלאַנץ
איינגעבליאַסקעט —
פּרוּוון אַרויסזיפּן
מיט אַ היים-אָטעמדיקן ווינט
תּאווהדיק אָנגעצינדט.

אין דיינע אויגן
טיף פֿאַרבלויט
איז אַ פֿונק פֿון זון
אַריינגעפֿלויגן
רויזל-מויד —

פינקלט ער,
בריט און בלענדט,
ווי אַ שטראַל
אין אַ וואַסערפֿאַל
מיט גלוסטיקדיקן סוד.

## פּאָרטרעטן

1

ס'האָט געמאָלן אַ בילד:
אַ „רעמבראַנד־האַנט"
מיט טונקל־פאַרבן —
אַ הדרת־פּנים פון רבנים,
אַ שטערן פול מיט קאַרבן
פון טראַכטן
שטיל צעלאָכטן.

ברעמען וואָס רעמען איין
דורכדרינג־אויגן טיף,
אַ נאָז סענסעטיוו —
אַ ביסל איינגעבויגן
צווישן די זע־אַפּלען, וואָס צאַפּלען
מיט קלוגשאַפט —
שאַרפער שכל —
אויף דער ליפּ אַ שמייכל
מיט געלויטערטן צער.
די באָרד — געקרויזעלטע האָר
אַ גרייזיקע גראָ,
אַ פאַרפלאָנטערטע מיט יאָר.

אַ צדיק־שלום
אין דעמערדיקן בלאָ
פאַרטראַכט
וועגן הבל־הבלים.

2

ס'האָט געמאָלן אַ בילד:
„אַ לאַוטרעק".
אויף דער וואַנט —
תאווה-ווילד, אויסגעשפּילט,
אַ זי-פיגור, אַ בלאָנד-צעלאָזטע,
אַן אויסגעלאַסענע —
שיין! מיט לילית-חן!
אַ שעלמיקן קוק אין בליק,
אַ נעזל פאַרריסן,
די ליפּן: אַל-גלוסטן אויסצווזיפּן,
די בריסטן אָנגעגאָסן.

ליכט, אין געזיכט איינגעשמינקט,
אַ לוסטן-שטיף אין גוף,
אַ זונה אין יעדן אבר
אַן שאַנד צעזינגט,
אַן חרטהדיקן באַנג —
„אַ באָדלער"-געזאַנג.

# שינדראַ — לי

שינדראַ־לי,
אויסגעטשוכעט קאַיאָריק פּרי,
מיט אַ פּאַרפיום־וואַסער
באַשפּריצט די האָר,
באַפּוצט די נעגל.
כ׳בין אַרוים פון הויז,
געגאַנגען אין דער מחשבה אַ וועג אַ לאַנגן
און בין אַרויף אויף דער שיף
מיטן ווייסן זעגל
אין דער בוכטע (אַן אויסגעטראַכטע),
ווו אירע וועלן טאַנצן,
ווי אין גן־עדן טייך,
איינגעגרויזשעט אין שיכור־פלאַנצן מיט ווירצן־ריח.

כ׳ווער געטריבן פון אַ ווינטן־רוח
אין זון־ימיקן פאַרבלענד,
ערגעץ ווו צו געפינען דיך
אין פאַנטאַסטישן אָריענט
ווייט, ווייט פון געמאַרק,
אין אַ קרישטאָל־שלאָס אויף אַ באַרג
מיט אַ שפּרודלדיקן פאָנטאַן,
אין אַ צויבער־וואַלד,
ווו ס׳באָדט זיך דער שוואַן
מיט זיין פּאָר
אין זילבער, אין גאָלד.

ווּ ס׳בליט „צוטרוי־קרויט״, „ליבע־שויט״ אין טרוים
אויף אַ בריליאַנטן־בוים.
בלעטער־גראָז פֿאָספֿאָרעסן
אָן קליפּה־שאָטנס ווערעמדיק צעפֿרעסן.

אָ, דו זון־בילד צעהעלט,
מיט אַ חן פֿאַרטרויערט, מיט אַ פֿלעמערונג פֿאַרשלייערט!

כ׳וועל אין באַזאָרן לויפֿן,
דריי־הונדערט בתולות קויפֿן,
און זיי האָבן באַצאָלט
צו אַ גאָט מיט זייער בלוט
אַ צינז פֿאַר אונדז,
ווייל פֿאַנטאַסטיש ער מאָלט,
פֿאַרפֿלעכט דיך מיטן „פֿאָלאַ־ליכט״
אין ווייט־בלאָעם אזור
מיט אַ שטראַליקער שיין צינטער־רויט
פֿאַר מיר
אויפֿגיין
מיין אויסגעטראַכטע מויד.

# אוראַגאַן

אַרום עקוואַטאָר־פּאַס,
וואָס פאַרגאַרטלט די ערד
פון היים און קילער לופט,
אַ פייכטע נאַס
ווילגאָטנע ווערט
פון צוזאַמען הויערן
ווינטלדיק אַרויסגעבוירן
מיט בליץ פון אַ טומאַן, אַן אָנגעשוויץ,
אַ נעפּל־ראָד, אַ דאַמף־אָנלאָד.

צעוואַקסט זיך גרויס און גרעסער
אין אַן אויפגעלויף,
אַ ווירבל־שרויף!

מיט אַ כוח־צעפּאָך
צעוויטערט, צעשטורעמט,
צעשטערט, צעדרויבט,
וואָיענדיק פאַרטויבט,
פורעמט אויף און פאַלט
און זיג־זאַג — זעגנדיק שפּאַלט
פינצטער־כמאַרעס,
צעליאַפּעט רעגן,
האָגלט, מחבלט, מבולט,
צעפּעכערט דעכער אַראָפּ פון הייזער,
וואָרצלט אויס מיט געבייזער

פון צעגריבעלטן לאָך
געוויקסיקס און מאָך,
צעברעכט די צווייג,
דעם שטאַם פון בוים,
צעפּייפּט דעם תהום.

שווינדלט, יאָגט, פאַרטראָגט
זיך אויף אַן אינדזל פאַרלאָזן,
רוחות-כּוחות אויסגעבלאָזן
לאָזן זיך אוים,
פאַרזינקענדיק אין די שוימיקע כוואַליעס ווילדע
וואַסער-גוליעס.

דער אוראַגאַן,
מיט אַן ארורה-גבורה,
אויסגעהוליעט, איינגעטוליעט,
אין פינצטערדיקן טומאַן
איינגעתהומט,
טוט פון צייט צו צייט
אַ ברום, אַ בלאָז מיט כעס,
און ווערט פאַרשטומט.

# טראָג מיך וויזיע

טראָג מיך וויזיע, באַפליגלט מיט געדאַנק,
אין אַ ווייטן פלי.
טראָג מיין נפש־חי צו אויפכאַפּן
בלענד־און שאָטן־שפּראַך.

אַנטפּלעק מיין בליק תהומות, הייסע, גרויסע,
אַרויסזיפּצן פון ערדישע לעפּצן
דעם גיהנום־שוים,
אַ שוואַרץ־ארץ־אויסברוך,
אַ שליימיק טריפן פון די טיפן: —
שוועבל־דעך, פאָספאָר־ווינט,
אַרויסגעאָטעמט פון לאַבירינט.

טראָג מיך איבער רוי־גרויע
אָפּריסן, פון מבול־פּליוכן אויסגעביסן.

אַנטפּלעק דעם ווולקאַן אין אויפוועק,
מיט רוישיקן אויפברויז, גאַז און אַש אויפשטויס
לאַווע — תחתון־תאווה פּעכיקע, שטראָמיקע
פון די טיפענישן אַרויס,
קריסטאַליזירנדיק און פאַרשטיינענדיק
דעם אור־אור־אַלט־דזשונגל־וואַלד.

אַנטפּלעק פאַר מיין בליק רויך־געטער,
איבער סאַפּענדיקן קראַטער
פון הינטערשטן פאַרקאָך — צו דער הויך

געקנוילט, אַרויסגעמוילט
אַ טשאַד־עולה, אַ גרוילע.

אויף פליגל־שווונג גרינג טראָג מיך,
איבער סודותדיקער ערד,
ווי אַרויסגעבוירן
פון „אַ טיפּה־טראָפּן״, איז מיר באַשערט
הויערן און גאַפן אויף אילערליי באַשעפעריי
די מיט בריל, די בין־זשומענדיקע, גריל־טשירפּענדיקע
און די פאַרשטימטע שווייגנדיקע שטיל.

טראָג מיך אין טבעס גבול — איבער ערד,
אַ כדור, אויף גאָרניט געהאָנגען
אין אָן אָרביט צעשוווּנגען.

טראָג מיך איבער די גליווער־פאַלן, שניי־קופּאָלן אין רוים
איבער גלייזערס, שימערירנדיקע, אויסגראַווירטע, ווי מיט
„שטיכל־מעסער״
פון זאַווערוכע־שנייען, אויסגעשטורעמט אין צויבער־שלעסער
אַ בריליאַנט־בלאָ־ווייס־בלישטשענדיקער טרוים.

באַמערק די בערג — ערדס־דריזן, די גרינוויזן,
אין העליאָס ליכט צעשפּיגלט, אין שאָטן איינגעפליגלט.
באַמערק די אימה־מהומה, די פלוידער־שרעק פון אורטעג,
לייען דאָס־לאַנגיאָריקע איינקריצן אין די פעלדזן־שפּיצן.

הער די וואָלקענעס צערײדטס —
מיט אַ געוויטער איבער די ריזן־ריטער,
רוגזהדיקע ווי אָדם־פיגורן,
אײַנגעשטײנערט פון בראשית אָן אַקעגן דער זון.

זע אַ שנעל צעיאָגטן רויש־רויש צעטראָגטן
קאַטעראַקט איילּיק קוואַליק, אין אַן אויסמיש מיט שטראַלן־פאַלן,
זע פאַרע־שטויבן, אַ רעגנבויגן אָנגעצויגן
איבערן הימל־פּלאַך.

הער פון וואַסערפאַל דעם לשון,
דאָס געשווים נידערנדיק צום תהום זיך אַראָפּוואַשן
פון פעלדזן רוי באַוואַקסן מיט ווילד־געוויקסן,
געל־גרינע, מיתה־משונה־פלאַנצן,
שוואָם און וואַלד־בלום, מיאוס־ריחדיק האַרב, מיט אַ שרײַענדיקער
פאַרב.

זע קיזל און גראַניט־הויכן
פון נעפּל אַרויסטויכן
מיט אָבעליסק־שפּיצן בלענד־בליציק
גאָלדיק גין, ווי זון־געצן,
שכן נעבן שכן, ערדישע גריבער באַוואַכן.

טראָג מיך ווײַזע
איבער דער ערד, וווּ אײַנגעקנעט אין איר
זענען נים פאַרהײלטע רוי־צעביילטע וווּנדן

אין די שיין שעהן אַנגעצונדן...
אין פאַרנאַכטן ווען שאָטנס טונקלען,
די פינצטערנישן ווערן
און ווי פייער־זשוקעס קוקן אַראָפּ די שטערן
אויף איר, פון ווייט, אַן אומבאַדייט צו זיי —
צו אונדז אַ ריזן־קיילעך
ארומגעטריבן אין געשפּין
ארום דער זון.

טראָג מיך, זעזוכט, אין געטרוים פון ווייטן רוים,
אין עולם־אלוהים־אַרום,
מערק וועלטן אין אַלגעשטאַלטן
אַרויסגערופן פון די זין־פּייזאַזשן
אין אימאַזשן,
און ברענג צוריק אַראָפּ מיין בליק אויף דער ערד
מיט די אַלטע גייזערס אויסגעזאָטן,
מיט שטעגן, ברעגן, ימען, טאָל און בערג,
טייכן־בעטן, ליכט אין שאָטן —
אין אַ כסדר־סדרדיקן אַרומיאָג
אויף אומזע־אַקס — אַ רעטעניש מיט אַן אַל־צעוואַקס,
פון אַ לעבן מיט כלאָראָפיל־געוועבן, צעזונטע איינגעשפּינטע שטיל,
און אויך אין אַ דמימדיקן חיות, בראשיתדיק אַלט,
קריגעריש צעבהלהט
מיט שטן־געוואלט
און נחשונדיק פאַרקללהט —
אין אַן אייביקן שפּיל.

## ביינאַכט אויף ברוקלין־בריק

באַטראַכט מיטן בליק
אין דער פינצטער
דאָס כישוף־ווערק ניו־יאָרק
פון דער הענגל־בריק.
פון אומצאָל פענצטער
שפּריצן אַרוים, ווי גאָלד פונקען,
רענדל־רייכקייט פון די סילועט־פּאַלאַצן,
וואָלקן־קראַצעריש גרוים
און ווי קאַניץ־צאַנקעניש פון אָרעם־הויז
נידעריק אין גאַסן־טונקל
ביים אינדזל־עק פון וואַסער־ברעג.

אַ צויבער מעשה שטערנדיק צעוווּנקען,
מיט לעמפּלדיקן סוד פון דער „מעטראָ־שטאָט"
אַריינגעשפּיגלט ווי אַ שימער־חלום
אין מזרח־טייך מיט אַ צוריק־געפינקל,
אַ בלענד־ציטערניש צום הימל,
ווי שיפלעך אין אַ נעפּל־דרימל
בלאַנקען אַרום,
רודערן שטיל
אויף די צעוויגטע כוואַליעס
לבנהדיקע קיל,
שווימען ווי אַנצוקומען.

אַ שפּיל פון חשכות און ליכט
איינגעטובלט אין טייך,
ווי איינגעסופּרט
אין אַן עולם-בוך
איז דער שטערנדיקער וווּנדער
עק שטאָט ניו-יאָרק,
אַ נאַכט-פּאַבולע
פאַר גרויס און קינדער,
אין אַ לשון טונקל-מיסטיש איינגעהילט
און ליכטלדיק ניט אויסדערציילט.

## ביים שיפּסהעד — בעי

שטייענדיק פרי ביים בעי
און זעענדיק אין מאַראַנצן־שיין
אויפגיין די זון,
וואָס הויכט אָן אויף אים
אַ פליטער־גלאַנץ
צעוויגט די וועלן ווייט,
מיט עמקות — שטילקייט
אין אַ שימער־טאַנץ
פון אַ קופּערדיקן בלענד;

און אונטערן הימל־בלאָ
וואָלקנדלעך, ווי „פיליגרי״־געוועבן,
שוועבן,
אין אַ ליכטונג זיך אויסצופאַרבן.
בבחינה — שטראַליקן זיו פאַרן אָפּשטאַרבן —
צעגים איך זיך, אין אַ נגינה
אויפהייבנדיק די הענט
צעשפּרייט צו דער לויטערקייט
און ווער איינגעגילדט אין בילד —
אַנטציקט תפילהדיק איינגעגליקט —
ווי די שפּיצביימער — בלעטער
שורשענדיקע
ווינטל־אָטעמענדיק
ווייט, צו דער זון,

וואָס טראָגט דעם פריען בלישטשן־סוד
און שקיעה־הוד
אויף און אָפּגאַנג.

שטייענדיק פרי ביים בעי, מיט בענקעניש
פאַרן ליכט־אויפגיין, הויבן זיך מיר די הענט,
טראַכט איך אויך, אַז פאַרן אָוונט
איז די מאורה, בליסקיש צעדאַוונט
העלט אַריין אין דער וועלט שטראַלן
אין צייט־שוים פון זונקעניש
און ס'שיכורט מיך אַ געזאַנג
ווי וואַרטנדיק אויף משיח
אין גרויסן דרויסן.

## די פונק־פּליטער

די פונק־פּליטער
וואָס כביכול האָט במחשבה
אין דער תוהו פאַרזייעט,
גייען אויף אין נאַכט־ליכט
פינקלדיקע —
פאַרבענקען די טונקלעניש אין דער רחבה
מיט אַ טוקענדיקן שיין,
פאַרצאַנקען די הימלען
און סודען זיך אַריין
פלעמלדיק צעהעלט, בקדושה,
אין דער אויפגעוואַכטער נשמה
פון דער קאָסמישער וועלט.

און די לבנה ווי אַ „זענזוכטיקע" מאַמע
ציט מאַגנעטיש אירע קינדערלעך צו
לאָזן זיי, איינזאַם־איינציקע,
זיך אין אַ בליסק־פלאַטערנדיקן פלי
אַראָפּ פון די הייכן.
און איידער זיי זי דערגרייכן —
אין „חושך־עשן" זיך פאַרלעשן.

ווערן שטערן שטיין,
וואָגלען אַרום אין דער וויסטער פרעמד
אַנטרונענע, אויסגערונענע
פון דעם פייער־געוויין,

ס׳טליעט אויך אין אָדם-זעל
אין איר יעדער צעל
אַ בענקיק בריען און אַ צוקן
מיט יראה און סודות-הבורא
אין איר זיינע אורפונקען
צוריק אויפוועקן...

## ס׳טרעפט אַ ביינאַכט

ס׳טרעפט אַ ביינאַכט,
די פינצטערניש צעקריכט
און דו, ציטערדיק און ערפורכטיק,
שטייסט
פאַר דעם ערדיש־הייליקן אויפשיט
פון דער פאַרטיליקטער שטאָט.

דו זעסט:
די לבנה שווימט פון אַ נעפּל־וויסטעניש אַרויס,
און הערסט
אַ גלגולדיקן יללה־ניגון
טראָגן זיך פון דער האַלב־חרובער קלויז,
ווי אַ פּרוש־ייִד
וואָלט פון דאָרט דעם מיט־חודש־שיין
מלווה זיין.

ס׳איז שטיל —
ס׳בלאָזט ניט אַ ווינט,
ס׳בילט ניט אַ הונט,
ס׳טשירפּעט ניט אַ גריל —
ס׳אַלץ בית־עולמדיק פאַרשוויגן.

ס׳גליווערן דיינע בלוטן פאַר שרעק,
די מינוטן אַנגסטיקן זיך פאַרלווירענע אַוועק.
דיר די האָר שטעלן זיך קאַפּויער,
ביסט אין אַ פּחד אַריינגעפּאָכעט,
באַזעצט פון אַ קאַלטן שווייס.

אקעגן הינטערוויילעכץ אַנטלויפנדיקער לבנה
מיט געל-בלאַסלעכע שטראַלן,
זעסטו אַ וואָלקן-מאַמע —
שנייאיק-ווייס,
טויט-בלייך באַלאָכטן.
איר שלייער מיט די הענט אויסגעשפּרייט,
און מיט די אויגן ווי פון ווײנען געשוואָלן —
בעט זי צום הימל פון ווייט
די שטערן אין איר טרויער-טיול אַריין,
ז'זאָלן דערשראָקענע אין תהתיות ניט פאַלן,
ווו ס'שוידערט אויף ווילדגראָז
פון דעם גרוים-קבר אַרוים
און תולעת-שלענגלעך פרעסן
די, אין דעם ערד-אַריינוואָרף פון נעכטן
און צעווערעמיקן דעם וועלט-געוויסן.

## פייגעלעך אין בוזים

כ׳האָב פייגעלעך אין בוזים געלייגט,
צו זיך געטוליעט,
געמיינט —
די שנאה, אַ ווילדיקע צעצווייגט,
וועט אין צעלאָכטענעם גאָרטן
קראָפּעווערדיק פאַרוויאַנען,
און מיר מיט סטעפּאַנען —
אין טראַנטנדיקע צויטן
פון גאַסן ווילגאָשטשנע
ענג, וויסט, פול מיסט
וועלן אַריבער די צוים-פּלויטן (פון „טערמידאָר”)
מיט לידער
צו אַ מאַיקן זיין,
ווו ס׳בליען גאָלד-ברויטן
און רויט-טרויבנדיקער וויין.

פאַרלוליעט אין אַ צוויטלדיקן גן-עדן
וועלן פּאַלמע-בלעטער, קאָקוס-פּעכער, געגראָזטע, גרינע
ווינטליש שאָטענען
איבער אונדז ביידן...
פייגן, — טייטלען
מאַראַנצן און האָניק — ציטרינען
וועלן צונג און גומען צעסלינען,
געדופטעט פון רויזן,

אין שלום און אין שלווה הויזן —
אין פּאַלאַצן, מיט שפּייז אויף גילדענע טאַצן,
אין אייביקער זון־שיין אונדז מקנא צו זיין.

כ׳האָב פייגעלעך אין בוזעם זיך געלייגט —

אין האַרצן טאָטשעט
אין דרויסן מאַראָטשעט
אין חלום־גאָרטן
שאָטנס שוואַרצלען,
ס׳גריזשען מייז
די ביימער־וואָרצלען
פון טערפּקע פרוכט,
טערנע גראָ־כמורנע,
ס׳נאָגן סמיקע בינען
פון בלום און רויז
די זאַפטן אויס.
דאָס ספק־שלענגל
זייגט דעם טרוים
וואָס הימעלדיק פאַרמשיחט אַרומגעזוכט.
כ׳האָב פייגעלעך אין בוזעם זיך געלייגט.
די קראָ וואָראָנעט אויפן בוים.

# הערֿאַיקאַ

מיר — אויף ערד דעכענדיקע,
און די אין לופט —
געטראָגענע פון אינסטינקט
איבער פוסטע דזשאָנגלען וויסטע!
שווימיקע רעפּטילן, זשומיקע גרילן,
שרצים קריכנדיקע,
פליגן, דראָנען, קאָמאַרן, בינען,
אַרום די זומפּן אויסגעבריט —
לאָמיר אויפהויכן אַ בלענדיק ליד
צום אויפגיין און פאַרגאַנג:
ווער — צעטרילט, ווער — אינזעקטיש, שטיל, צעגרילט,
ווער — מיט ברילן, קוואַקען, קראַקען, בילן
און טשישען פון שלאַנג: —
צו זון, אַ לויב-געדאַכט, צו לבנה באַלייכטנדיק די נאַכט
צו אור-מאורה איבער „פאַונאַ" און „פלאָראַ"
אין דער נאַטור.

לאָמיר אויפגיין אין אַן אויפריר
מיט צעוויגטן בוים פון ווינט,
מיט שאָף און רינד,
וואָס אין טאָלעקעס פאַשען;
לאָמיר אין ליכט זיך וואַשן
ווי דער טוי אין זון:
ווער — מיט פּיין און ווייאיקע יסורים,
ווער — מיט ווונדיקן בראַנד, ווער — מיט גדולה
און אַ שיר-השירים —

לאָמיר אויפגיין אין אַ תּפילה
צום אויפגעלאָכטענעם מערב־ראַנד
אַ הי! הי! האַ! הערראַאיקאַ!...

די — ערשט אויסגעבריט,
און די — שוין שוואַך און מיד,
מיט פידל, באַס,
מעטאַל־געקלאַנג.
פויק צעשטעקלט, גלאָק צעגלעקלט
געאָרגלט געגאָרגלט —
סימפאָניש, האַרמאָניש.

אַלע — אַף־באַשעפענישן
פלעדער־מייז און שטרוים
די — מיט זידיק בלוט
אויפגעקומענע, און די — אין וואַסערנישן
צעשווומענע —

לאָמיר אויפגיין צום אור־געדאַנק
מענטשן מיר, און שטיר
נאָז־האָרנדיקע, זשיראַף־גאָרנדיקע,
בהמות תמימות מיט נשמות,
מימיים און יבשה־ברואים,
קעמל־לעמל, שאַקאַלן, וועלף און מוילוורף,
האָזן און טרוסן, פוקסן און בופל־אָקסן,
שוועמלדיקע ווילד־געוויקסן

אין שאָטן איינגעהילט —
באַנג, נאָך זון־פאַרגאַנג,
נאָכן לעבן אין פאַרשווּעבן.

אויפגיין, אויפגיין לאָמיר אין ליד,
מיט פייגל צו לענדער צעפליט,
מיט סטייעס זשעברעס, ציגן־בעק
שטיר און וויזל־טיר,
וואָס פון האָריזאָנטס אויפטראָגן
צום מערב־בראַנד זיך יאָגן,
ווי פון אַ פייער־גערוף — אינסטינקטיוו.

איר — אויף ערד אומרויִקע,
און איר — הויך־פליענדיקע,
און די וואָס פּלאָשקען אין די וואַסערן,
און איר ביימער, וואָס זיך חמישה־עשׂרן —

לאָמיר אויפגיין אין אַ געדאַוון,
מיטן חיות צעגליט: —
פון פריילעך און סמוטנע געמיט
צעזינגען, צעקלינגען.

יונג און אַלט
צום כּוח — געטרייב —
אור־געווייסן

מיט נפש־חי
פון לייב
צעשאַלט...

לאָמיר זינגען אַ ליד מיטן בלוט
צום אור־מאור,
צום וועלטאַל
אַ הי! הי! הא!
„הערעאָיקאַ"! —
צום רויטן אויפגיין און פאַרגאַנג
אַ שיר־געזאַנג.

# האַרבסט

אין טעג האַרבסטיק קילע,
נאָך שופר־שאַלן —
בלעטער וויאַלע, געלע,
מיט שורש, גערויש,
אַראָפּ בגימער פאַלן,
זשוזשיקע צעפלויגן,
פון בלאָז אויף פאַרוועלקטן גראָז.

אין דער הויך — וואָלקנדלעך פּיל,
ווי ווייסע שאָף נאָך האָרן־רוף,
ציען שטיל דורכן האָריזאָנט,
צו אַ צעוואַרעמט לאַנד.

און דו אויפן זאַמד,
מיט אַ פייכטער ראיה,
קוקסט אויפן ים, צעפלאַמט
פון דער שקיעה.

און אַקעגן
זשמורעט אַן אייגל אַ וואַסער־פויגל,
לעכצט צו זיין אין מקווה־אַפּשיין טיף איינגעטונקט,
און כאַפּן אין פייער־וואַסער אויסמיש
אַ גאָלדענעם פיש,
און ציען, פליען
מיטן געפינס צו זון, וואָס מאַראַנצנדיק פאַרזינקט.

אין טעג האַרבסטיק קילע,
ווען שופרות שאַלן
און בלעטער וויאַלע פון בוימער פאַלן
מיט שורש, געריוש,
פון ווינטן-בלאָז
זשוזשיק צעפלויגן
אויף פאַרוועלקטן גראָז —
פייכטלען דיר די אויגן.
ווייסט ניט פאַרוואָס
— דיר איז טריב,
האַרציק באַנג און ליב —
ווייסט ניט פאַרוואָס.

## ווּ זאָל איך זוכן דיך?

ווּ זאָל איך זוכן דיך,
ווּ געפינען?
אין טונקלונג פון נאַכט,
אין לויכטונג פון זונען?
אין רוים? אין תהום
פון כף־הקל?
אין וויסטן וואָרלאָז —
אין די חושכן פונעם פאַרפאַל?

ווּ זאָל איך זוכן דיך מיט מיין זאַלציקן געוויין?
— אונטער פעלדזיקן שטיין?
אין דאָרן־בוש וואָס טוט ברענען?
אין צעבושעוועטן אוראַגאַן?
אין שטורעמדיקן אָקעאַן?
אין גלגולדיקן ניגון?
צי אין שתיקה איינגעשוויגן?
אין שיין צעצינדן אין הימל?
אין וואַלדיקן בלימל?
אין נעפּל־וואָלקן — ווּ אומרו ביסטו?
אין צעשפּרייט פון דער וויט? —
אין דעם בליץ־פונק־אַטאָם פון צייט?

אין חלום־עולם —
נשמהדיק קראַנק, תפיסהדיק ענג,
— ציט מיך דער, צו ערד־געשווערט
זיך צו גרינגען צו גרויסע זונען.

ווּ זשע דיך געפינען
האַר פון וועלט?
טראָג איך תפילה צו דיר —
אַנטלויפסטו פון מיר,
ווי ווינט
אין הויכן אויסשפּרייט־פעלד,
ווּ די גרויס־פּאַרטאָגן
ווערן ניט דמיק אויפגעטראָגן
מיט דעם ווּנדיקן רויט
דערמאַנונג —
רציחהשן טויט.

## באחרית הימים

אַז ס'וועט קומען אַ צייט —
ס'וועלן פאַרנעפּלען זיך מיינע טעג —
לעצטע, אויסגעהיצטע.

אויף דעם רוף —
אַן שאָטן און אַן גוף
כ'וועל גרייטן זיך אין וועג:
מוזן געזעגענען מיטן שאַריענדיקן באַגינען,
מיטן רויט-פאַרנאַכטיקן פאַרגאַנג.

כ'וועל דאַרפן שיידן זיך
מיט תפילות ניט דערזאָגטע,
מיט מחשבות ניט דערטראַכטע —
אַליין אָפּגיין צו דער זייט.
אַ בעל מורא דורכגענומען,
מיט אויגן אויסגעלאָשענע —
טאַפּן אין חלום דעם דרך עולם
צו די שטערן.

אין תוהודיקן גאַנג, אין יסורים איינגעשוויגן,
זאָל באַגלייטן מיך
אַ מוצאי-שבתדיקער ניגון
— פּאָטעריש אַרויסגעוויינט
מיט פאַרשטיקטע טרערן.

זאָלן די ווינטן מיך ניט יאָגן
און די וואָלקנעס „מלווהש" ניט באַקלאָגן
וואָס ס'נעמט מיר לאַנג
אין מיין וואָגלדיקן שפּאַנען
אַ גן־עדן פֿאַר זיך — געפֿינען.

# ראַפּסאָדיע

כלי־זמר ראַפּסאָדיש צעשפּילטע!
טראָגט מיך, פליגלט
אויף כוואַליענדיקע נאָטן
פון וויאָל און פידל־טריל,
וואָס ווידעררופט זיך אין הארץ,
פון: קלאַוויר־אַקאָרדן,
וואָס מעסמערעזירט די זעל,
פון פלייט, אָטעמדיק אַרויס
אַ פּישטשענדיקן אָנוווּרף,
פון פינגער־ציטער אויף אַ האַרף
און פון סאָנאַרישן אויפשטויס
מיט אילערליי געקלאַנג
אַרויף אין דער הייך —
צום הימל־בלאָ און צום ענד — ראַנד
מיט זון־פאַרגאַנג.

פליגלט מיך אויף די טענער
פון אַ שוואַנען־חלום, געשפּינט פון גאָלד,
אָפּגעשפּיגלט אין אַ טייך,
איינגעצירקלט אין אַ שאָטנדיקן וואַלד.

מיט אייער שפּיל
פאַרווינטלט מיך מיט אַ פּאַסטאָראַלן געפיל
וועגן אַ בהמה, וואָס מעלה־גירהט פאַרטראַכט
קעגן בין־השמשותדיק ליכט,

וועגן אַ הירש אַ האָרנדיקן,
וואָס קוקט אויפֿן הימל-ברעג מיט פֿאַרוווּנדערטע אויגן,
וועגן אַ פֿויגל דורכגעפֿלויגן,
אין די רויט-געבלעגדן פֿאַרשוווּנדן.

שפּילט וועגן אַ וואָלקן-קאַראַוואַן,
געפֿירט ווי פֿון אַ מויד
איבער מדברדיקע בערג
מיט צינד-פֿײַערן פֿון סדום.
פֿאַרפֿליט מיך אין אַ טרוים,
ווו איך צעשליסל טיף פֿאַרביטערטע
מיט אַ צאַרט וואָרט,
ווו איך טו איטלעך
אות ווי רויזן-בלעטלעך
מיט די ליפּן אויסציפּן
און צעבלאָזן ווי נחמות
צעפֿלאַטערטע.

מישט אויס אײַער טאָן
מיט מײַן געזאַנג און מיטן שײַן
פֿון בלענצנדיקער זון,
וואָס פֿורפֿולט און חיותט זיך

טראָגט מיך אויף פֿײַפֿל-וועלן
פֿון אַ פֿאַסטעך נשמהדיק אַרויסגעפּײַפֿט —

אַ טיף־בענקעניש נאָך די שאָף,
פאַרבלאָנדזשעטע אין די וואַלדיקע בערג
שוין פילהונדערטסטער טאָג
און ניט געקומען צוריק.

ברענגט צום אויער — טרויער,
— אין די ביכער שוין פאַרגעסן —
וועגן אַ פאַרכישופטער פּרינצעסין,
טרוימענדיק נאָך דעם פּרינץ,
וואָס וועט אין אַ פלי־וואָגן אין פּאַלאַץ זי פאַרטראָגן.

לאָזט מיך הערן אין הימל געריוועלטן פאַרנאַכט
די מעשה איינגעצאַנקט
אין אַ צעוויטיקט האַרץ, פון רעיון פאַרטראַכט,
וועגן אַ מאַמע אַ פרומע,
אויקענדיק אויף איר קינד,
אַ פאַרפלאָנטערטע אין זינד;
וועגן אַ בעטלער אַ בלינדן,
וואָס האָט אונטער דער זון
פיל הייזער אַריבערגעשוועלט,
טראָגט אין טאָרבע גליק פון דער וועלט
און ווייסט ניט דערפון;
וועגן איינער, פון זינען געריירט,
אַקעגן דעם צעפּאַקלטן ליכט פאַרנאַכט,
וואָס טאַנצט אַריין אין דער שריפה־שיין.

און דער סוף: אַ מכשיפה פון איר שלאָף
מיט אַ ווילדן אויפשפרונג —
אַרומגערינגלט פון אַ שלאַנג
מיט אַ צעשפּאָלטענער צונג...
אַקעגן מערב-כמאַרע פורפולדיק צעגליט,
איינגעאינדזלט ווי אין בלוט,
איינגעאינדזלט ווי אין בלוט...

# ער זעט

ווי אין אַ נאַרקאָטישן פּאַרטויב —
אַנגסטיק צעפּרעסן
פון אַ פאַרנעפּלטן טשאַד —
אין אַ שווינדלדיקן מוח
איז זיין געדאַנק
נערוון־און נפשדיק קראַנק...

די וועלט אין זיין בליק
ווערט איינגעשפּילט
אַ זין־גערירטע: —
ווי פון גייסטער באַזעסן.

אַ צעפּירטע האַנט פון אַ וואָלקן־מענטש
אין האָריזאָנט פּענט אַריין מיט אַ גליאיקער פּעדער
אין פאַרנאַכטיקן הימל,
מיט אותיות רויטע,
טעג פאַרשווונדענע,
אין די רויכעס פון אויוונס אָנגעצינדענע,
צאָרנט אַריין אַ רוי נפש־געשריי
פון פאַרשוויגענע טויטע,
וואָס טונקלט זיך איין
אין די כמאַרעס פון נאַכט.

פון דער פינצטער שווימט אַרויס
אַן אויסגעגריזשעטע ווי פון אַ מויז

די לבנה
פונקען צונויפצוקלויבן
ווינקנדיקע אראָפּ.

ס׳ווערן אויגן משוגעתדיק פאַרצויגן —
אין שווינדלדיקן קאָפּ:
איז דען — קראָ אַ טויב?
אַ טערנע — אַ ווייַנטרויב?
ביטער־קרויט — אַ האָניק־שויט?
טויטן־דעך — אַ ווינטל־בלאָז
אויף צעפּאַטלטע רויז?

אין תוהו אַ קוק מיטן חושך־בליק —
מעג מען טונקען די פּעדער אין טינט
פון אַן אָדער־וווּנד
און האָבן פאַרשריבן,
ווי מיט בלוטיקן אות
גיהנום־ווייטיקן
פון זיך אַרויס.

מאָלען מעג מען
זייענדיק אין אַ טראַנס
פון אויפגעטרייסלטן אַטאָם אַ מאַקאַבער־טאַנץ.

אַ ווילדער
מוח-אויפיאָג מיט בילדער
מעשה שאולן
און „בליץ-גאַרגוילן״.

מ׳מעג דאָך מאָלן טויטן-טאָלן,
וואָס וואָלטן פאַרפרירן די געהירן,
פון הילצערנעם יויז
וואָס הענגט ווי אַ פלעדערמויז
איבער קלויסטער-טירן
און מלאכים אַרום אים פליען
און צלמדיקע קניען
אָ, מישונג אין קאָפּ,
שרעק פון טעג!

# בעל-כורחו

בעל-כורחו דער מענטש
מיט צעכליפּעט געוויין און שרעק
פון „אַ ספערם” אין תאווה פאַרטרענקט
לייביק אַרויסגעשווענקט
ווערט געטראָגן, אין קיום-ים, אויף שטראָם
פרייד און לייד
ביז סופיקן עק.
אַ מיושבדיקער
איז ער טועם פון עץ-הדעת.
דופקט אוים זיין בלוט, רגע און מינוט
אין מעת לעת.
ווי אַ בלעזל שוים אין זוניקן בלענד,
ס'זייניקע זיין ווי אַ טרוים צערינט.

ווען אַלט
ציט דער גוף צום שלאָף
מיד, מיד פון באַלאַסט און דויער
און פון דאגות אויסגעבויגן —
ווערט ער פון שורש צוגעצויגן.
ס'שפּראָצן קברות-בלומען
צער-בייטשן טשוויקן קנייטשן
איין אין פּנים: סוף סימנים,
אַנלויף פאַרוים פון אוים.

צייט־ווערעם טאָטשען אויף טריט
דעם יאָרן־צוויט
אויף וועג און שטעג
צום אַהין פאַרחושכטן
ווו אַלץ איז פאַרפרירט,
אַלץ איז פאַרפרירט.

## דער קאָרטן־וואַרפער

דער אַלטער קאָרטן־וואַרפער
פאַר אַ זילבער־פּרוטה
האָט מיך אָנגעקוקט,
באַדויערט און געזאָגט:

„אין דיין בליק איז אַ חלף שאַרפער
ווי פאַר אָקסן־שחיטה.

ס'איז ניט גוט —
פון דיין בלוט
זעצט אַ פאַרע, אַ הייסע אין קאָפּ,
ווי פון אַן אינטערגעהייצטן טאָפּ
מיט שדים־דערנער.

פאַר שרעק זעט מען ציגן־בעק
מיט לאַנגע הערנער
פון דמיון — אַרויס.

דיך פאַרקלאָגט
געוואָרפענע טויז —
מ'זאָל דערלאַנגען
צוקער־בייגל — האָניק־טייגלעך,
קינדלעך, מאַנדלעך,
אייער־קיכלעך און קיצל־ביכלעך

צו לייענען —
וועלן קעץ אין דיר וויינען.
ווי אַ מכשפה — אַרומגעריטן —
וועלט אויף פּאַסמעס וואָלט צעשניטן.

ס׳איז ניט גוט וואָס ס׳מישט אין דיר ס׳בלוט.
גייסט אויף אַ שטריקן־בריק: —
זי שרפּהסט מיטן בליק...
וואָרנט מיך דער „טאַטער״
קאָרטן־וואַרפער,
באַגלייטנדיק מיך אַרויס
פון זיין מפּולת־הויז
אין אַ פּאַרלאָזענעם סאָד
אין עק־עק שטאָט.

## די פרה־אדומה

אין וועלכע וואָלקענעם שוועב איך —
הימל צעהאַנגענע, צי ביבליש פאַרגאַנגענע?
וואָס קער זיך אָן
די רויטע קו
פון חומש מיטן צעמישטן געדאַנק?

וואָס האָט שייכות — פרה אדומה
(די בהמה־תמימה)
מיטן רשעות־רע,
איצטער דאָ?

אויף וועלכער דרויסן־פּליטע
גרייט זי צו דער שחיטה,
מקריבן אַ קרבן
מיטן „פלייש און פעטס״ צום מולך־געץ
דער פּריסטער —
סדומיקער פאַרדאָרבן
מיט אַ מגפה־נשימה — פאַר זיין תקומה?
מיט שטורעם און פרעפלדיקן רעש
מאַכט ער „שפּרענק וואַסער״ פון איר אַש
מיט „אזוב־גראָז און ווערמיל־רויט״
אַ רייניקונג פאַר דער זינד.
אויסשפּילנדיק אויף נערוון
אָנגעצויגענע אַצינד
פאַנטאַזמאַ־שרעקן פון דעם טויט.

אָ! דער איך משיח,
פאַר וועלכן ס'אַנטלויפט,
ווי פון דעם באַשעפער,
צום שוואַרצן פעפער —
דער מחבל־רוח.

אין וועלכע וואָלקענעם שוועב איך —
הימל צעהאָנגענע,
צי ביבליש־פאַרגאַנגענע —
— מיט אַ פּרה־אדומה
אַן אויסגעטראַכטע, ניט דערשאָכטענע,
אַ בהמה־תמימה,
וואָס לאָזט סימנים בלוט נאָך זיך?

# עולה

1

איבער דער טויטער שטאָט
כמורנע וויסט,
מיט פינצטער־שויבן
(ווי בלינדע אויגן)
האָט אַ לוויה דורכגעצויגן.

אבלים אויף אַ ווינט־וואָגן
האָבן אַ מיטה געטראָגן
און פייגל אין ווייטן פליען
אַ יללה נאָכגעשריען.
ווייבער האָבן באַקלאָגט,
זכרים — מעבר־יבוק געזאָגט,
קינדער געוויינט.
ס'האָט אַ שניט אין הארצן געטיפט,
ס'בלוט אין די אָדערן צעטריפט.

אַ נר יאור האָט זיך פארלאָשן,
אַן איש־אלוהים,
אַ תמימים!
מיט זיין התלהבותדיקן ברען געוועזן אויסן
אויספאַסטן לנצח אַ שבת־שבתון.

2

אויבן האָבן ליכטער אויפגעשיינט,
מלאכים אַ שירה זינגען,
כרובים מיט פורכטעניש פינקלען
— דער כסא־הכבוד איז פון די נעפּלען אַרוים
קדיש צו הערן.
שרפים אין דער ווייטער שממה בליצלען אוים
אַ וועג פאַר דער נשמה,
וואָס איז עולה
צו דער שכינה
טובלענדיק זיך אַ טבילה
אין אַ ים פון טרערן.

## מוטער־טאָג

דאָס קנויטל אָנגעצונדן
ווי אַ נר־תמיד,
אַריינגענפּשט אין מיין בלוט
זייגט אוים דעם נשמה־זאַפט.

זאָל דאָס זיין היינט
דורך מיין טרער —
די פינקלענדיקע אין אויג —
ווי אַן אויפציטערנדיק יזכור־ליכט
אַ יאָרצייט דיר.

מאַמע — פרומע, פּראָסטע, עני־אביונדיקע
פול־יסורימדיקע,
ניט סבלנותדיקע:
דיינע ארויף־טענות צו גאָט,
און די עוולות אַראָפּגעשלונגען,
וואָס כ׳האָב פון דיר געירשהט —
קומען אויף אין מיר;
כ׳אָטעם זיי אַרוים,
אַ שווער סאָפּענדיקער —
„מר־מרידהדיקע״.

מוטער מיינע!
האָסט מיך אַ יש
אין בלוט און פלייש

פון זיך אַרויסגעוואָרעמט,
דאָס בידנע לעבן אין מיר איינגעדעכעט,
צו דער בריסט געאָרעמט
און איינגעניאַנטשעט שרעקן פרימיטיווע.

איך שפּיר
די „הדלקה-טראָפּן״, וואָס טשאַפּקען אַראָפּ
אין מיר טיף, ווערן פאַרצערט —
פון דעם נשמה-קנויטל,
וואָס פאַרצאַנקט קאַנעצדיק
מיינע כמאַרענדיקע טעג —
לאַנגווייליקע,
יחידותדיקע,
און וואָס „ניסקערט״ * אויף און טוקט זיך איין
אין אַן אבלדיקן צער.
איז היינט,
דורך מיין טרער,
די פינקלענדיקע אין אויג,
ווי אַן אויפציטערנדיק יזכור-ליכט —
אַ יאָרצייט דיר.

---

* „ניסקערט״, פלעמלט אויף טרעשטשענדיק מיטן פלאַם

# פאַרוואָס?

פאַרוואָס גליסט האָבן אין זיך די מאָס
צום רוים וואָס מ׳וועט ניט דערגרייכן,
פון תהום וואָס מ׳וויל אויסווייכן?

ס׳טראָגן זיך די טעג —
צו כּף־הקלעם העק
דורך די זיבן־פינצטער־טויערן
ווי הידרע־שלאַנגען לויערן...

וועט כאָטש דאָרט, אין די אויסגעמאָרעטע צייטן,
טראָגן זיך אַן אָנגעצינדן ליכט
אין אומזע־הענט
פאַרן טויטן־שאָטן
אין דער מורא־עבר־שחורה
פון די אל־אייביקייטן?

אַז ס׳איז באַשערט צו זען דעם סוף,
מוזן דען זיין די אומקום־טעג
פאַר נשמה־און גוף
וואָראָנעם ניט באַהאַרצטע,
רויבפייגל אויסגעשוואַרצטע,
אין אַ ווילדן־אָנגעפלויג,
וואָס זשאָבען אויס ס׳אויג
יעדע מינוט פון שעה
נאָך דאָ —
אויף דער זייט ברעג?...

# אַ זי־געשטאַלט

ס׳קומט אויף אין גערדאַנק
אַ זי־געשטאַלט,
פאַרטאָרעט, פאַרצרהט,
טויט־געבלייכט, אַ שאָטנדיקע דורכגעשלייכט...

ווי פון האַרפן־סטרונעס
אַ פּראָסטיקער שפּיל וועקט אַ ווידערקול
אין ברוסט־פּוסטיניעס,
אַזוי אין מיר טיף פאַרשניטן
אין אַ גליווער־קנויל
איז דאָס בלוט פאַרביטן.

ווער זי איז? — דערמאָנט דער ריס
אין האַרצן־קנופּ
די טרער פון אויג אָפּגעווישט.

אין לבנה־נעכט,
אויסגערינענע ווי פון זילבער־טעפּ
זי׳ געקושט כ׳האָב
מיט ליפּן אָנגעגליטע;
באַשטראַלט פון ליבע צעפלאָכטן די צעפּ,
אין איר איינגעקנעכט פאַרבריטע נעכט,
ווען פלעדער־מויז האָט ניט שליטה
די גלי־פליג אומצוברענגען,
ווען דער נאַכטיגאַל גלוסט זיך אויסצוזינגען,

נעבן אַ וואַסער־פאַל —
— צערוישט, ווערענדיק איינגעשויסט,
אין טשיפּער*־גראָזן שטיל קיל,
הימל־ליכטער אָפּצושפּיגלען,
וואָס בלאַנדזשען, וואַגלען אין די אור־געשוואַרצן
דורכצוזיפּן און פאַרקנופּן
צייט און ווייט
מיטן אָדער פון וועלטס הארצן.

איר אַמאָל־געשטאַלט — אַלט,
פאַרשעמט־פרעמד, פאַרשטויסן,
צעקניטעט און פאַרביטערט —
האָט דורכגעשלייכט מינערנדיק געקליינט,
און אַן איינגעשרומפּענע לבנה, אַ פאַרנעפּלט־געשטופּלטע,
האָט ווי אַ יאָרצייט־ליכט,
איר לוויהק נאָכגעשיינט
און מיט אַ ווינק אויך מיך געמיינט...

* טשיפּער — לאַנג גראָזל־בלעטל

## פייער־שד

מיט אַ גערודער
טויכן אויף
פון אַ וווּלקאַן־תהום אין אַ לאַווע־שוים
אַ שד מיט יונגען
און צו זיי פליען אָן, זיען —
רוחות — העליש־פלייש
און צעטראָגן זינד
מיט אַ טשאַד־גערוך
אַ שרפהנדיקער פאַרפלוך...
צו פאַרפירטע וועלט־זין־גערירטע
שחורהדיקע, פוסטיק, וויסטיק מוראדיק,
מיט ווינטיקן דראָזש אין אַן אימהקן פאַרלעש.

וואָס זענען
צום אל־עמיקות פון די קאָסמישע שטרעקעס,
צו זיין אויג־בלענד איבער די הימלען צעברענט,
צו זיינע כל־עולמדיקע השגות —
די „פייער־פיוגעס",
אָנגעצונדענע אויף דער ערד?
וואָס זענען צום דונער פאַרהילכנדיקן אויער
די געוואַלדן, וואָס ער הערט?
פאַר אים בייטן זיך די אייביקייטן
אור־ליכטער ווערן — פאַרטונקלטע שטערן.

וואָס איז צו אים, אומעטום,
וואָס זעט מ׳שיסט אין בלאָען וויסט
אַ צינד־פּייל ווייט, ווייט, מיליאָנען־מייל
אַ שווינדלדיקער פלעק געצילט צום אָן און עק,
מיט ראַדאַר־בליקן, אַריינצוקוקן
אין די שחקים פון מרחקים
ווי פלאַקער־סודות אויף העגנגל־הוידעם —
אין אַ געלויף זיך שפּינען
מער ווייט־וויסטעניש צו געפינען?

וואָס איז צו אים, געטובלטער אין רוים,
צו זען פייער־שד־רוחות אין געוועט,
האָבן צעיאָגט אַ מעטעאָריט
איבער מלכות־ספערן, זיך ניט אומצוקערן
צום שורש —
אין די צעברענטע זונען
זוכן, זוכן דעם שם־המפורש
אין די ערגעצן אַנטרינען?...

# ציגיינערין

ראָמינא!
פלאַם־פייער און באַטרוג,
בייזער לודער
אין יעדן דופק־שלאָג.
מיטן בלוטצעזאָד, מיטן דעך פון אַ שד,
האָסטו אויסגענאָגט
פון ביינער־מאַרך
גלוסטנדיקע זינד —
דו ציגיינער־קינד.

האָסט אויסגעזייגט
מיט כלבישער טומאה, דם און נשמה
און געלאָזט אַ שנאה
אַ ניט אויסגעוועפטע,
אַ שוימיקע סלינע
אַ ניט אויסגעשעפטע.

דו „נחש־חוה" מיט מיין להיטות אָנגעזופּט,
וואָס דאַמפּסט אַרוים ווי גיפט
הייסן דעך
צעשדטע תאווה —
כ'האָב דיך יונגלדיק געליבט,
זיך שיכורנדיק ווי מיט אַ געטראַנק,
דו זיבן־פעלנדיקע שלאַנג.

## נאָכן צעוועק

אויפֿן רוף אין אים פֿון דעם פּרימיטיוו
איז ער פֿון שטאָט אַוועק
אין שורשנדיקן וואַלד,
צו זיין מיט זיך אַליין
אין שאָטנדיקער שתיקה.
מיט אַ גיריקן אויפֿרעג
הערט ער טרילענדיק געזאַנג
פֿון פֿייגל אין נעסט און אויף צווייגל.

אויף פֿעלדזיקן שטיין
נעבן דער רוישיקער ריקע
דערפֿילט ער זיך יונג, גרינג,
— ווען אין אים געווענדט
צעפֿליגלט מיט די הענט
וואָלט ער זיך אויף דעם שפּלדיקן ווינט;
— ווען אין אים געווענדט
ווי אַ פֿליענדיקע טויב
ר'וואָלט אין דער פֿאַרטשוויטשערטער וועלט
וואָרקען אַ לויב.

וויפֿל גייסטער, באַגין־געשטאַלטן,
אין די טונקלענישן באַהאַלטן,
פֿון פֿאַרלוירענע שטראַלן זיך צעגלאַנצן
און מיט ליכטלעכן אָנטרונק
אין זון־פֿייערלעך זיך צעטאַנצן...

ווען אין אים געווענדט —
ר׳וואָלט בלענצנדיק זיך צעהעלט
פון אַלע פלעמלעך אין זיך צעברענט
מיט אַ נשמהדיקן צעזינג.

# שאַנדראַ־לי

שאַנדראַ־לי!
וויזיע פאַר מיינע אויגן
פון ערגעץ ווו
אין דמיון אַנגעפלויגן.

וויפל כ׳זאָל דיך ניט פאַרשלינגען מיט להבה,
פאַרצערן מיט מיין תאווה —
בלייבסטו דו...

אויסגעטרוימטע מויד!
מיר וואָלט ניט שווער זיין
שיכור ווי לוט
הויך אויפגעהוידעט
ביז אין רעגן־בויגן
האָבן מיט דיר פליגלדיק געצויגן
אין בליסקן־שיין
פון אַ שטראַלן־גאַרב,
זיין אין ליבעניש פאַרסודעט,
איידער כ׳לאָז זיך אויס
און איינזאַם כ׳שטאַרב —
שאַנדראַ־לי!

פון טרער און טרער —
אויף נשמה־צויט
סילע איך פערל פאַר דיר,
דו, ערגעץ איינגעווינקלטע מויד,
זין־בילדלעך
פון מיר אַרויסגעפינקלטע פאַנטאַזיע.

# אין געוואָגל

איבער שפּיציקע שטיינער,
אויף אומוועגן
אין געוואָגל —
אַן אויסגעווייקטער נאַס
פון האָגל און שלאַקס־רעגן,
יאָגט מיך נאָך אין גאַס —
אַ שטן־ווינט מיט מיינע אַ זינד,
— אַ קין־דיקע, אַ שרייענדיקע.

אומעטום ווּ איך קום
מיט אויגן פאַרשטאָכן,
שיקט מען נאָך אַ פלוך,
וואָס פאַלט, ווי אַן ערדן־טאָפּ, טשערביק־אַלט,
צעבראָכן אויף מיין גראָעם קאָפּ.
מיך שניידט די קללה־רייד,
ווי שינד־מעסער פון אַ קאָרע־טעסער.

כ׳פרעג:
פאַרוואָס וועלקט דאָס גראָז ווּ איך טרעט?
צייגט דער זייגער תמיד שפּעט?
איז שעה און מינוט געפאַרבט ווי אין בלוט? —
פאַרוואָס, אין פּרצוף מיר דער בלאָז,
איז ווי ברודיק אָנגעשפּיגן?

אין מיר צעשריגן
איז דער געוויסן —
פאַרסמט מיט אַ קרענק,
אַ יאַטערדיקע ווונד
ווי פון „רעבים"-הינט צעביסן?

צעפיבערטע נערוו-געפילן
שפּילן אוים
כימערעס אַנגסטיקע,
וואָס שפּאַרן אַרוים
משוגענע
פון די געהירן,
ווי ס'וואָלטן אין מוח-קאַלטן —
ראָבן מיט די שנאָבלען
דזשאָבען, דלובען
דאָרט לעכלעך קליינע —

אָ, מאַמע מיינע!

## באַרוישט

אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן,
מיט די הענט אויפגעפּויסט,
איז ער אַרויס באַרוישט.
ניט געזוכט אַ מכשף־וואָרט צו לייען,
אַרויסצושרייען
ווילדן כּעס אין מיטן שטאָט,
צו די אויף די הויכע טרעפּ,
זעענדיק ס׳פּליסיק־רויטע
פּיאַווקעס זייגן — און פאַרשווייגן.

זיי לייענען פון אַ צייט אַ וויסטער,
וועגן מיליאָנען טויטע
(ווי פון גייסטער)
וואָס רויבן דעם שלאָף,
הורודעווען ביינאַכט
גילגולדיקע אויפגעשראָקן
און קרילעדיק צעפּעכט
קלויסטער גלאָקן צעקלינגען
אַ רוף —
צו גלחים מיט שוואַרצן
פּחד אין האַרצן
לוויתם צו באַזינגען,
מיט שבחים
אַרויסבאַגלייטן פאַרגאַנגענע די,

צו אַ צווינטער־רו, אָן זינד.
„טויבן אויף שלום־פליגל אויפגעהויבן,
צעפלאַטערט זיך מיט בלוטיקער ווונד"...

וויפל ס׳געשינדענע פון מתים,
ווי תכריכים און טליתים,
דאַרף מען האָבן פון די קברים אויסגעגראָבן
אין ביינאַכטיקן שפּעט,
ווי צעהאַנגענע גרעט,
זיך צו וואַרפן פון ווינט,
שרעקן די פרומע,
משוגעתן צעוועקן,
אין די קלוגע קעפּ
אַרום פייער־טעפּ,
וואָס זיך דראָזשען
לאָזן פון מכשפים זיך וואָראָזשען.
די רייסטער־בלעטער פון מעשה־נורא פאַרבייגן
און שווייגן...

## מענטשלעכער גייסט

מען זאָל לייגן אויף אַ וואָגשאָל:
מענטשם גייסטיקע ראיה
אין מעשה מרכבה פאַרטראַכט,
און די שקיעה
פון אַ בין־השמשות פאַרנאַכט —
ווער וועמען וואָלט איבערשווערן?
צי בלישטש פון דער הויך, צי פיצל־מוח?
וויזיאָנירנדיק, קאַלקולירנדיק
מיטן געדאַנק דעם גאַנג
פון לויכטנדיקע שטערן: —
פון פונק־רעגן אויף מילך־וועגן,
פרווונדיק אויסמעסטן
די פייער נעסטן
מיט מיליאַסיקע ליכט־יאָר,
ער טוט שפּאַלטן, צעצינדן
דעם אור־בליץ
דריבנעקן סוד פון באַגין.

מ׳זאָל לייגן, אויף אַ וואָגשאָל
מענטשם גייסטיקע ראיה
אין מעשה־מרכבה פאַרטראַכט
און די שאַרלאַך־שקיעה
פון אַ בין־השמשות־פאַרנאַכט
ווער וועמען אַריבערשווערן וואָלט —
מ׳זאָל וועגן מיט פאַרגענגלעכן גאָלד?

צי שײַן פֿון דער הויך, צי פּיצל מוח?
וויפֿל פֿאַרביק געמעל איז אין מענטשלעכער זעל,
געפֿורמט אין אַ בילד? און אויף וויפֿל אָפּגעהילט
איז די טבע,
געגורמט אין געשטאַלטן,
אויף אומבאַשטימטער צײַט,
און וואָס ווערן אָפּגעפֿרישט
אין זכרון,
שווימען אויף אין מחשבות,
וויזיאָנירן אויס
די וועלטן פֿון אוניווערז,
וואָס טליען און פֿאַרגליען
מיט אָנצאָל־שטראַלן
אין אַ בליץ־באַוועג,
אין רוים
אויף אַ מילך־ווײַסן־וועג...

# ווער איז ער ?

ווער איז ער, דער בושעווענדיקער כוח ?
די חלום-משוגעת — אין שטיקער צעריסן,
דאָס וויסטענדיקס פאַרטראַכט אין אַ טשאַדענדיקער
נאַכט ?

פילסט זיך פון באַרג-ברעג פאַלנדיק
אין אַ תהומיקן אַראָפּ-שטורץ —
אויפשרעקנדיק דאָס אויג,
פאַרגליווערנדיק דאָס האַרץ,
צעמישנדיק דעם מוח.
זעסטו זיך אַ רוח מיט טריפנדיקע פינגער,
איינגעריכטע הענט,
אַ ווילדער שאָטן, גראַבלענדיק דעם קאַלך,
זיך דראַפּענדיק אויף די ווענט ;
אַ רעווענדיקע בריאה אין אַ משונהדיקן הילוך,
רייסנדיק פון זיך קריעה,
אימאַזשן זיך דראָזשען,
שטשירענדיק פוילע ציין.
אַ שד פאָכעט אָן פּחד
מיט די פלעדערוווישן
אַ נשמה-ליכט צו פאַרלעשן,
אָנדעכענדיק אַ טשאַד.

ווער איז די אומרו-רע,
וואָס מאָנסטערט, פינצטערט
דמיונט אוים אכזריות ?
ווער טרייבט משולחים צו שיקן
אין די תהומות אָן אַ דנאָ ?

שרפים — די פינצטערנישן אויסצוקוקן
אין די הויכן זוכן דעם „שם־אַדוינאָ״?
אין דריבנע אַטאָם־סוד,
אין די פייערדיקע הבדלות,
אין די פאַרוואָלקנטע אבילות
פון אַן אויפגערודערטער שטאָט,
און אין פאַרע פון בלוט?
און ווער שיקט אַ פאַרזעעניש
מיט אַ חושכדיקן לאַמטערן
זוכנדיק אין ד׳ער שפּעטער שעה
אַ געפאַלענעם שטערן?

# דו שווערסט

דו שווערסט:
ביים פֿאַרזינקען אין ים
אין פֿייערדיקן אויג,
זעסטו ווי אַ טרער אין פֿאַרלאָפֿענעם שיין,
ווען אין אָפּשלאָג־פּלאַם
אַ שיף צינדט זיך אָן אין אונטערגיין.

הערסט אַ יאָמערדיקן געוויק —
אָנזאָגנדיק סכנה.
ס׳פֿאַלן חלום־בריקן
אין אַ נאַכט אָן אַ לבנה.
די פֿינצטערניש זייגט
די בריסטן פֿון צייט
און שווייגט.

הערסט אַ דזשעט אונטער די וואָלקענעם העשען,
זעסט: וואַקלען, שאָקלען
טאָן זיך אַ טרעמאָס — און אויס.
ער פֿאַלט אַן אַנגעצונדענער
אין אויפֿגעציטערטן ים,
פֿאַליעס צעוויגטע דעם פֿלאַקער פֿאַרלעשן.

נאָכן ברענענדיקן שפּיל
אַ מעווע פֿליט אַרום
פֿאָכעט אָן מיט די פֿליגל
אַ שווייגעניש שטיל איבערן וואַסער־שפּיגל.

זעסט: אין מדבר צעגליט
אַ געפּאַלענעם שטרוים
פון היץ און הונגער
אַ חולהדיקער מיד אויסגיין,
און אַ טשאַטע אומברענגער
אין אַ פאַרנאַכטיקער צייט
שנאָבלען פון אים שטיק נאָך שטיק
נאָך לעבעדיקערהייט
איידער ער נשמהט זיך אויס...

הערסט: אַ געאייל פון אַ מאַמקע־מויד,
אַ געקומענע פון זינען,
וואָס האַלט אַ קינד אויף די הענט
מעת־לעתן שוין טויט,
ביי די בריסטן וואָס רינען —
ליוליעט, טוליעט עס איין
מיט שגעון־געוויין...

זעסט:
אַ שטורם זיך דורכטראָגן
איבער וואַלד, פעלד. און אַ צלם אויפגעשטעלט
פון אַ בליץ דורכגעשלאָגן,
און דער מיט צעשפּרייטע הענט —
אַ צוגענאָגלטער ברענט.

שוועבסט:
אויף אַ בית־עולם זעסט
אין ווייס אַ מטורפֿן גרייז, אַ פּאַסטעך „למד־וואָוו״,
אין די אויגן אַ פֿייער־פֿלעמל,
זוכנדיק בלאָנדזשענדע שאָף
הויך אין דעם הימל.

ער ציט אַרויס אַ האַנט פֿון תּכריכים־געוואַנט
און כליפּעט אויס בקול־רמה
דעם ווילד־געוואַלד —
רים און בים אין זיין נשמה:
זאָל זי אין איר הינער־פּלעט
וואַנדלען איבער חרוב־שטעט
און אין פֿליכט
צעפֿליט, זוכן אַ ייד
מיט אַן עמודדיק ליכט...

דיר דאַכט: אין הויכן דרויסן
האָט אַ קאָמעט און אַ פּלאַנעט
זיך אָנגעשטויסן
מיט אַ שאַרלאַך־בלענד —
די ווּיסטונג צעברענט,
די וויסטונג צעברענט...

# אויפן שליאַך

קום אַרויס אויפן שליאַך
אַ פאַרצווייגטער איבערן לאַנד
פון דעם „גלאָרי־גרויסן"
מדינה־פאַרבאַנד...
מירן צונייגן ס׳אויער
אונטער סטריכע פון דאַך,
ביים שטאָטישן טויער,
ביי פאַרמערישע שוועל
הערן,
ווי דורך די שטרייפן און שטערן
רעדט פאָלקישע זעל.
ווערן געוואָר: —
ווי ס׳זינגט דער טרובאַדור
די זמירות־העם:

„אויפן ים מיט שטורעמדיקע טיפן,
זעגלען שיפן אָן דאַמפיקן ראָד;
פליגלען, בלינד געטריבן פון ווינט,
צום אויפגעלויכטענעם ברעג פון אַ האפן־שטאָט
זוניק געמאָלט
פאַלאַצן פון גאָלד,
מיט סודות איינגערוימט
אין כישוף פאַרטרוימט..."

מירן הערן דעם זינגער
אין מערבדיקער ווייט
אויסצימבלען דעם הונגער
פון דער „שיסל-שטויב"-צייט,
פאַרדרעמעלטע יאָרן,
„טרויבן פון צאָרן"
פול אָן אַ כוס, אַ ייִדעשן — גרויס,
מיט פינקלדיקן רויט, זיך שיכור ווי לוט".

„זוך אויס אַ מכשפה, וואָס וואָראָזשעט פון דער האַנט,
וועגן אַ וואַלד-שרפה אונטערן רוקן פון לאַנד,
לבנהדיק אָפּגעשיינט
אויף די „פּרעירים" מיט טויען,
ווי מיט טרערן באַווײנט".

„טראָג זיך אָן גרינג, פון ווייט, דו „באָסיאַק-יונג",
מיט לאָשיק-געוואַלד — פון מדבר און פעלד —
גיס אָן אַ כוס, אַ ייִדעשן — גרויס
מיט דעם טרויבנדיקן רויט —
און זיך שיכור ווי לוט".

ביי קרעטשמערישער שוועל
מירן הערן,
ווי דורך שטרייפן און שטערן
זינגט פאַלקישע זעל.

## דער אורח

פון די גרילץ־פייערן
אין עולם־התוהו —
אַ ברען פון קריג און מאָרד
אים טראָגט
דורך נעפּלען גרויע.
ווי פון שלאַנגען־בים
פאַרחושט,
טראַמפּעלנדיק באָרוועס
איבער שטעג,
מיט רויטן נפש
פון גופים אויסגערינען
אָנשיכורנדיק די בלוט־בינען.

אים יאָגט
מיט נשמה־וווּנד
פון פינצטערן צער
אָקעגן עיפּוש־ווינט
אין פּנים צעדעכעט,
צעריטשעט אין זיך
וויסט, פון סם־פייל דורכגעשפּיזט
און מיט אימהקן פּחד —
ער זוכט, משיח,
ניט ביי די טויערן
פון צלמימדיקן רוים,

נאָר אין תפילות פֿאַרלוירן
פֿון פֿרומע,
ביים איבערהיפּן
פֿאַר טויטן־שרעק
מיט ציטערנדיקע ליפּן
ס׳דאַווענען
ביים אומקום־ברעג פֿון תהום...

# אַ מאָנאַ ליזאַ

ווי דער זון־שאָטן מיט אַ מנחה־בליסק פֿאַרתּמט
ביים ימיקן ברעג
אויף בלענדיקן זאַמד.

ווי די אָזערע
וואָס חלומט אין זיך איין
דאָס בין־השמשות־פֿייערל
מיט אַ טיפֿעניש טיף
פֿון בראַנדיקן הימל.

ווי דער בלישטש פֿון טוי
אויף זוניקן גראָז און אויף ליליען־בלימל —
איז דער כּישוף חן,
וואָס כ׳האָב געזען
אין אַ בילד פֿון אַ פֿרוי
פֿון אַ שטובֿ אַרויס,
ווי אַ מאַדאָנע אָן קינד
אין לבֿנה־ליכט
פֿון אַ שטערנדיקער נאַכט,
וואָס נשמהש אָנהייצט
און רייצט —
ניט צו שטן׳דיקער זינד.

ניט צו שטן׳דיקער זינד.

# שאַקונדראַ

פון ציקל : אינדיע־ניו־יאָרק

(נאָך טאַגאָר)

שאַקונדראַ !

דער קרישטאָל־פּאַלאַץ איז אויסגעשייערט
מיט טויזנט לאָמפּן העל צעפּייערט,
ציכטיק, ליכטיק,
מיט גאָלד און זילבער אויסגעצירט —
און איך אין קיניג־שטאַנד,
מיט צעפּטער אין מיין האַנט,
און מיט דינער פיל אויסמושטירט —
הויער ביים פּערל־טויער,
ווו טעפּיכער מיט בלומען־צווייט
זענען אויסגעשפּרייט פאַר דיינע טריט.

שאַקונדראַ !

קומסט אויף עלפאַנט „זונזוביר"
פון אופיר־ווייטן.
אונטער אַ באַלדאַכין פון גאָלד־געשפּין
צו מיר צו רייטן —
ווו מזלות שטריקן טויזנט גליקן,
איינצובליצלען זיי אין דיר.

שאַקונדראַ !

כ׳וועל פֿאַרהאַלטן ווי יהושע,
אין מערבֿ־ראַנד דעם זון־פֿאַרבלענד
און לאָזן בלאָזן אויף קייזער־שטראָזן
— אין נאָמען פֿון דיין קומען
אַ שופֿר־תקיעה.
מיין בלוט זידט, איז להוט,
לעכצט אין די פֿאַרנאַכטיקע שעהן —
— אין דיין שוים צו רוען

שאַקונדראַ!

## צעשווינגט די גלעקער

די גלעקער צעשווינגט!
דער הימל וואָלקנדיק מבולט
די ערד צו פֿאַרטרינקען.

תּפֿילהדיק קלינגט!
דער בן־אָדם — פֿאַרמחבלט —
איז אין דער תּוהו
געזונקען.

דער יויזל־ייִד
ווערט מיד —
מיט דער וווּנד
אַן אייביקע אַרויסגעקוועלט,
און מיט דער עשו־זינד
פֿגירהדיק מיאוס געוואָרפֿן פֿאַר זיינע פֿיס.

די רייד
פֿון נחש־הקדמוני
מיט אַ שיפּענדיקער צונג,
זענען גיפֿט —
אין די נשמות איינגעטריפֿט.

אַ! שׂרפֿה!

סע שיסן אַרויף — די „בני־מוות"
פייער־גרילן
צו דער לבנה
מיט אַ ראַקעטנדיקן פלי,
וואָס טומלען
אַריבער דער כמאַרע —
פאַרבראַנדיקן די הימלען.

ס'טראָגט די פלאַקערדיקע פליג
אין זיך דעם פונק־משחית פון קריג.

# כאַכאַם סאַלאם זאָגט

מעגסט דורשן גאָט,
איילן
דעם אַטאָם צעטיילן,
אַרויסצובליצלען דעם סוד
פון ברען — וועסט אים ניט דערזען.

שלאָג אוים אַ פונק פון אַ שטיין —
וועט ער אין ציטער אַנטרינען,
אין פאַרלעש זיך איינשפינען.

מעגסט פאַרקייקלען דעם אוניווערז
אין אַ שפּילקע־קעפּל די גרוים,
אַרויסשמעטערן די קראַפט —
אין האַפט פון דעם יסוד
— זיך איינגעבראשיתט ר׳האָט.

פּרוּוו מיט ליכט
די פינצטערונג צעטרייבן —
דאָרט האָבנדיק געזוכט
וועט אין דער טונקלעניש בלייבן
זיין באַהאַלטענער שיין.

אַזוי זאָגט כאַכאַם סאַלאַם —
דער אַלטער הימל־שפּאַלטער
וואַנדערנדיק אין די ספערן
מיט צעפינקלטע שטערן,

זיצנדיק פאַר זיין געצעלט אויסגעבלייכט,
פּיפּקענדיק די נאַרגיליע,
איינדמיונדיק די וועלט
מיט געדאַנקען קילע
— אין זיך פאַרטראַכט
אַ וויגנדיקער
צו די צעלויכטענע אין דער נאַכט.
און ווען אַ שטערנדל פון ווייטן ווינקט
— מיט אויגן פייכט
אין זיך טיפער ער פאַרזינקט.

# ק אַ י אָ ר

פון ציקל: אינדיע־ניו־יאָרק

(נאָך טאַגאָר)

כ׳בין אַרויס צום ים
תפילהדיק צו באַגריסן
דעם טאָג, מיר אַ געשאָנקענעם,
ווייט מזרחדיק אַרויסגערופן
מיט אַ זוניקן אויפשטראָם.

שאַקונדראַ!

כ׳בין געגאַנגען זען,
דעם „אָנפלוס" זיך צעגיסן
איבערן זאַמדיקן ברעג —
און אַ דערטראָנקענעם
כ׳האָב באַמערקט
ליגן —
פון צעשוימטע כוואַליעס אויסגעשפּיגן,
פון וואַסער אויסגעוואַלגערט,
אַן אויפגעלאָפענער גוף, שטאַר גלאָצנדיק אַרויף
מיט פאַרגלייזטע אויגן.
אַ מעווע איז אַרומגעפלויגן
פליגל־פאָכענדיק צעיאָגט
און מיט אַ קוויטש, ווי קדיש געזאָגט...
האָב איך געקאָנט לויבן די שחרית־רו,
אַז צעשריגן איז געווען די וואַסער־קראַ?

שאַקונדראַ!

כ׳בין אַרוים פאַרפרי צום ים
מיט פלאַטערדיקן שטרעבן;
כ׳בין אַרוים ווי אַ פרומער תם
אַ בענטשונג אָפּצוגעבן,
און געזען כ׳האָב זון, ווי אַ רענדל רויט,
אַרוים פון מינט *,
וואָס האָט פאַרבלענדלט דעם גלימער פון טויט,
אין אויסגלאָצנדיקע אויגן
שטאַרנדיק אַרויף פון אַ סריחהדיקן גוף.
און אויבן איז אַ מעווע אַרומגעפלויגן —
אַ צעשריגענע, צעטראָגן —
ווי לוויהש באַקלאָגן
ז׳וואָלט, מיט פישטשענדיקער־שטים,
די מיתה, וואָס האָט גענעסטלט אין אים —

שאַקונדרא!

* מינט, געלט־שמעלצעריי, מינצעריי

# ב ו פ אָ נ ע ן

בופאָנען
אין ווייס בראָדוויי, —
אַ נאַכטיק ליכטיקע מיט לעמפּל־פונקען אויפגעבלענצט.
קלינגט הויך דעם „נאַרן־גלאָק״,
זייט מיט „זשיטער־באָג״,
רומבאַס, סאַמבאַס זשיק — צעטאַנצט
אין טרונק־שטובן פון „שוואַרצע ראָבן״
דעמערדיק באַלויכטן.

זייט: — ער און זי פאַרפלאָכטן,
אויפגעציטערט
מיט התלהבה און „אישטאר־תאווה״
פאַרן קויפער, זויפער
פון מעד און מאָסט
און וויינען אָנגעכוסט
פול און האַלב —
אַ לחיים
צום גאָלדן קאַלב —
אַ שיכור־לוסט פון הערצער־פוסט.
פייער־פינקל אין די אויגן
פאַרשייט, מיט געדאַנקען־זינד באַגלייט
אין די נאַכט־קלובן פון „רעגן־בויגן״,
אין נעאָנדיקן בראָדוויי,
היים פון פאַלש־שפּילעריי מיט שוואַרצקינצלער קאָרט,
ליכט און שאָטן טומל־אָרט...

בופאָנען,
טראַגיש אין זיך פאַרלאַכטע,
זעל איינגעציטערט, גאַל פאַרביטערט —
קלינגט דעם „נאַרן-גלאָק",
טאַנצט אַ זשיטער-באָג!
זאָגט רכילותן!
ס'צאָלט געלט די וועלט
צו ליליתן
פאַר גלוסט און לוסט
אַ שטנדיק אויפגעוואַכטע.

# דו, ווי דו הייסט

שוויפּטשענדיקער ווילד־פּייף אַרומגעשטורעמט !
אין דויערדיקער צייט —
דו, שרף־גייסט !
אין דיינע שמעלץ־טיגלען
האָסטו אויסגעפּורעמט
ביליאָנען זון־באַלאָנען
צו גליען, וואָגלען, אין רוימען־אויסשפּרייט
און אין פליכט :
שיינענדיק איינהעלן אין די פּוסטע תהומענישן
דיין אור־קדושה.
דו אין אַרומקרייז,
אין די אומעטומס פון מילעניומס
אור־מחשבה —
אין ליכט־יאָרן מיליאָנען פאַרגאַנגען.

דו, ערפּלדיקע גראָ
אַ טונקל־פאַרוואָלקנטע
דו, דאָ און נישטאָ,
פון געווען און פון זיין,
ברייט־געוויקסנדיקע גרויס,
און דריבנע, דרויבלדיק קליין.
רוח־חי פון אויסגעהייצטע וועלטן,
נשימה פון גליווערדיקע קעלטן.

איך — אַרוים פון אַ זכר־דיך, אַ זרע זריעה, אַ שכבת — ביאה
מוטערדיק־איינגעוויבט, אויסגעטראָגן, און זיך אַרויסגעלייבט
צו וועלט אַרויף מיט זעל און גוף,
מוחיק פאַרטראַכט —
— אַ מין יצירה אויף דרערד, וואָס פון קדמונים באַשערט
איז מיר, צו וויגן זיך אויף איר טאָג און נאַכט
אין חללדיקן הויל —
בין איינער פון דיין ווערן און צעשטערן.

דו, פייער־גייסט! פון אייביק־אָן גאָט־יסוד,
וואָס ברענט, געבערט און פאַרלענדט,
כ׳בין אַ טרוימאַ־שפּיל
„אַ בן־איש־ואשה״ מיט דם־שפיכה, וואָס צאַפּל זיך פאַר דיר.
איך וויים און פיל —
ווען ווערן כ׳וועל אַלט און מיד,
וועסטו פאַרקילן מיך אין בלוט צו אַ טויטלעכן פאַרפריר,
און אין דרערד —
זיין פון מיר אָפּגעקערט...

# פ א ו ס ט ו ס

ער האָט געטראַכט
פֿעדערן זיך פֿרי, זען זי,
און אויף שוועל פֿון טיר זאָגן איר
ווער ער איז:
מיט אַ נחשון-חטא,
אַ בריאה מיאוס
און אַ גאָט;
מעפֿיסטיש צעלאַכט,
וואָס פֿלעכט פֿון לבטלה-טרוים
הבל-שטריק,
און פֿון זיי, מיט רשעות-ברי,
אַ שאָטן-בריק
אַריבערן פֿינצטער-תהום...

אונטער זיין סטריכע וואָלקנט זיך די חשכה.

ער וואָלט געקאָנט הייבן די הענט
אין רויט צעגליטער מקדים-שעה,
אויסווישן איר די טרערן
און צו אירע רעיונות
שווערן: אין אים דאָס דם-רע —
פֿון זיינע עוונות
איז פֿאַרדאָרבן, גליווערדיק אָפּגעשטאָרבן.

אַ בלום, פינגערדיק, באַרירט — באַלד פאַרפרירט.
אַ רויז פיבערדיק, צעצינדט
חלושדיק פאַרוועלקט
און ווען קי ער מעלקט —
פויטעווען זיי און סלינען —
זייערע מילכן זיך גערינען.

ער ווערט באַגריסט: מיט מו און מרו,
און פון האַווקענדיקע הינט.
אין אים ברויעט, יערט,
זיך כמאַרעט הימל, ס'זינקט די ערד,
זיינע טריט גריבלען זיך מיט ברוד.
פאַר זיין בליק פייערן בליאַקעווען,
אין די דלת-אמות מכשיפות פליאַקעווען.
ער איז וועכטער איבער לילית-טעכטער,
וואָס פישטשענדיק שימפּן.
אַ שטן-ריז אויף הינער-פים
אויסגעוואַלגערט אין די זומפּן.
ער לויפט אָנגעזויפט, מיט אַ פריקרע שיכרות פון אַ מרירות-כוס
אַ בייזער מרוק, וואָס פלאַמט און סמט, מיט אַ שקרן-אויסקוק
אין אַ פאַקל שוואַרץ, צעברענט — סמאַליעט ער די הענט
להבדיל, ווי נאָך הבדלה
ער וועט איר זאָגן: אַ גיהנום-אָטעם פון אים און פון אַרום
טוט נעפלדיק שלאָגן, אַ דעמפיקע קללה.

# אַ ק ע אַ ן

אוקינוס אָנגעברויגזטער
מיט צעבוימטעטע פּאַליעס,
אויסגעשפּרייט אין דער אייביקייט —
אין מערבדיקן ליכט-בלענד
אַראָפּגעזיזיכטיקט אין דיר,
שפּיגלסטו איין דעם אויבערשטן צער.

כ׳שטיי ביים ברעג
יום-כּיפּורדיק פאַרזונקען,
פון חטאים באַשווערט —
כ׳זע דיך אָנגעטרונקען
אַ בלוטיקן פון זון
געגרייט צו פאַרוויסערן די ערד.

וויל איך געבעט אָפּטאָן —
פאַרהוזשען כוואַליעס די תּפילות!...
אויפגערייצטע מקווה-גבורה, תּמיד וואַך,
צעפלייצטע חיה מיט וואַסער-פּיסקעס
שיפן-ברוך צו פאַרשלונגען.
ים מיט אַ ווילדיקן רוישן
און מיט אַ לויתן
ערגעץ איצט אויפגעשפּרונגען —
אַרויפצושפּריצן מיט געטומל
צום כּל-עולם אַ הידראַליקן שפּיי —

איז אויסן
די פֿאַרנאַכטיקע שׂרפֿה
אין הימל פֿאַרלעשן.

איך שטיי בײַ דײַן ברעג,
וווּ מיטן אויסגוס און אָפּפֿלוס
וואַשטו די זינד
אין דער נעילהדיקער שעה.
עפּעס איז פֿאַראַן אָקעאַן,
אין דיר, וואָס כוואַליעט אײַן אַ ציטער אין מיר,
אָן אומרו, אַ מחשבה פֿון באַגין,
די ים־גבֿורה
שטורעמדיקע וואַסער־שירה,
אויפֿגעבושעוועטע רויט —
ווײַט, ווײַט, בײַם עק.

# קום, זע

קום זע:
ביי אַן אַלט־קראַנקן
אין אַ פיבערדיקן קאָשמאַר
די שרעקן פון אַ רויט־נעכטן אַ לאַנגן
אין מוח זיך צעוועקן...
ס׳קומען אויף משונה־ווילד געדאַנקען
ניט אויסגעזויבערטע אין אַ בילד,
וואַלקנדיק געפלעקט,
און פון אַ פאַרווירט אויג אַרויסגעקוקט.

קום, זע:
ס׳דמיונט זיך אַרויס
אַ מאַמע מיט אַ קינד,
צוגעטוליעט צו דער ברוסט
פון די שוואַרץ־רויכן מיט טשאַד־געררוכן,
ברענענדיקע וואָראָנעס זינגען
אויף יאַלקעס אין וואַלד.
גלעקער קלינגען, הויך און העכער,
פון קלויסטער־לעכער,
געוויגט פון ווינט,
אין אַ נאַכט מיט חושכן בלינד.

אויפגעבליצטע העק זיך טראָגן
איבער ביימער מיט וואַי־געוואַלדן
און איינגעליילעכטע מיט טונקעלע פאַלדן
מכשפות צעמישטע
נבואות זאָגן.

רוחות פּעכערן אוים וויסט
אַ וואָלקנבּרוך פון שניי,
אַ ווירבּל־שטורעם
אויפגעשריגן,
פון קליפּות, וואָס זיך קריגן, שלאָגן,
און אויפגעשראָקן
אין זייער יאָגעניש,
ווינט־פּייף־קללות
אין דער לופטן שיקן.

קום, זע:
טכוירן מיט אייזל־אויערן
אין פעלדזן־נאָרעס
מיט טויזנט עיפּושן אין זיך באַהאַלטן.
און פון צעפּלאַצטע שפּאַלטן,
אין דער אדמה טיף, פון דער טומאה פאַרגעסן,
שפּרינגען אַרוים מייז און שטשורעס,
מיט מתים אָנגעפּרעסן.
שפּרינגען אַרוים
ריזן מיט קינדזשאַל־שפּיזן,
פעכטן אַ דועל:
ווער פון ביידע
מעג שעכטן
אין דער פינצטערניש
ווי רינדער — מאַמעס קינדער.

זע :
ווי מיט ווינט געאויק
אין אַ זאַווייַ,
וואָס פּאַרפּאַראָשעט אַ קוקענדיק אויג,
שטויסן זיך אויף, אַרויף,
האָרנדיקע „געצער"
צאָרנדיקע, הוקענדיקע
מיט רויך,
יאָגן
אַ רעוועוודיקע בהמה
צום מולך
מזבח...

ביי אַן אַלט קראַנקן
מסוכן חולה,
פיבער־גערדאַנקען
זענען עולה —
ווילד און ווילדער,
אין וואָלקן־בילדער,
הויך —
פון ברענענדיקן מות.

# באַגינען

פון ציקל: אינדיע־ניו־יאָרק

(נאָך טאַגאָר)

באַגינען,
אין אַ גליענדיקן קאַיאָר,
האָט עס מיך אַוועקגעטראָגן,
דורך נעפּל־גרוי,
אַריבער די בערג, צו אַ גראָזיקן פעלד,
באַשפּרענקלט מיט טוי —
פינקלדיקע מיקראָ־זונען.

שאַקונדראַ.

פאַרטאָג,
ווען די דעמערונג האָט זיך געביטן,
דער מזרח — אָנגעצונדן —
זיך אַרויסגעפּעדערט האָבן די שניטער
אויף אַקסלען מיט דער קאָסע.
האָב איך מיין אָגער אָפּגעבונדן
און בין אַרויסגעריטן
אויף צעהירזשעטן פערד
מיט אַ נשמה־געוויטער
צו געפינען טרייסט
אויף די שטרעקעס פון דער ערד
פאַר מיין אומרויקן גייסט.

האָב איך אָנגעטראָפן אַ בלישטשונג צעהעלט
אין אָנגעטריפטער ראָסע,
וואָס בלענצלט אין זיך אָפּ מיניאַטורנע די וועלט.

שאַקונדראַ.

באַגינען, ווען ס׳וועבן שפּינען
נעצן פאַרן פאַנג פון זון־אויפגאַנג,
בין איך אַרויסגעריטן האָפּ־האָפּ־גאַלאָפּ! אין פעלד,
— טובלענדיק ס׳געזיכט אין טוי־ליכט.
געבאָדן דעם בליק אין „זונען״,
וואָס אין זשמעניע צערינען.
כ׳האָב געהערט דאָס גרילן, ס׳פייגלשע טרעלן,
בענטשענדיק צעלויכטענע רחבה —
האָב איך דערפילט זיך קליין
אין דעם אורדיקן צעשיין
אַריינגעסודעט אין דער טבע.

שאַקונדראַ.

## ווער רייט איבער דער ערד?

ווער רייט איבער דער ערד
אין אויסגעשטערנטער נאַכט
אויף אַ פינצטער-פערד
איבער געפאַלענע פון שלאַכט —
מיט אַ חושך-בליק
פאַרשיכורט פון קריג?

סערפּ — צעפּאָכעט
רוגזהש, רציחהש
פליט ווי אַ רוח,
מחבליש כוחעט
— וויכערט מיט ווינט-ברויז
דאָס חיות אַרוים —
נאָך רויטלעכן שניט —

ווער יאָגט נאָך
אין לבנהדיקן נאָך-שיין?
וויל דער שאָטן, נאָכגעריטן,
ניט לאָזן אַליין
אים — סקעלעטיק — געביינט
פינצטער — לעכערדיק געקוקט,
בלינד-געשלאָגן, ארומגעטראָגן,
דעם דעך אין זיך דערשטיקט
און מיט פונקען אַרויסגעשטיינט
פון אונטער די טריט?...

ווער רייט איבער אויפגעטרייסלטער ערד
אין אַן אויסגעשטערנטער נאַכט
אויף אַ פינצטער-פערד
איבער, געהרגעטע אין שלאַכט?

מיט קאַסע, געשווינד,
פאַכעט, כוחעט,
וויכערט ווי אַ רוח, ס'יללהט ווי ווינט
אים נאָך דער שאָטן —
שטן'דיק נאָכגעטריבן, מיט טויט-גרוילן זיבן,
סם-חותם איבער די מתים.

און ווער נאָך זיי, ווי מיט שטריק דערוואָרגן,
שטעלט קנאָכיקע טריט,
פאַרזייעט אָדם-אַש
מיט ביינערדיקע הענט
איבער צעאַקערטן פעלד?
ס'זאָל אַ תבואה אויפגיין
אין ליכטיקן מאָרגן —
אַ לויטערער ריין.

# עתיד־לבוא

דער וואָס בויערט פאַרוים דעם בליק
אין דער איינגעגעפּלטער צייט
און האָט ווי געלייענט:
נאָך דער פינצטערניש וועט אויפגיין
פון אַ וואָלקן וואָס גערינט
„אַראַראַיש" צעשיינט —
אַ טויזנט זונעדיק ליכט
שטראַליק איינגעקראַנצט
אין דעם אויבערשטן אויסשפּרייט
און הינטן פאַרבלענצט —
די שאָטנס פאַרווישן.

דער אָדלער, הויך אין דער בלאָיקייט אַריינגעפּליט,
וועט שפּאַרבערן אַ ליד
און פאַרטרייבן דעם אומרו וועט זינגענדיקע קראָ;
אין אינטריגע־שטריק וועט זיך פאַרפּענטן דער טויט,
אין די ווייטע מקומות — חושך־תהומות —
גוססהן אָן אַ קאַניץ־צאַנקענדיקן קנויט;
פאַרלוליען ווי אַ מאַמע אַ זייגענדיק קינד
וועט אַ שדיכע אויף הוידעם דעם' געוואָי פונעם ווינט;
ס'וועט זיך מליאַווע־זים לאַקריצן דער ביטערער כריין
און צו דער וויסטעניש
וועט לילית־פויגל ניט אויסזאָוועז אַ געוויין;

הינט וועלן ניט בילן;
מיסטיש געניכט
וועלן זיך די שטורעמס איינשטילן;
„אַ מכשפה פאַרנאַכט
וועט זיך בענטשן מיט ליכט;
המבדילן וועט דער שד
אַ בין קודש לחול;
ניט פון שרעק פאַר דער האַק
וועט דער בוים וויגן זיך הויל,
נאָר מיט געבעט! צום וואַלד־גאָט”.
די ווילדע רוי־פאַרשאָלטענע אין דער וועלט,
וואָס צינדן פייערן
אַרום די שפייכלערס
פון שטרוי
איינגעזאַמלט פון פעלד,
וועלן פייפלען, פרייפלען
מיט אַ קודש־רוח
זיך שפלן
פאַרן משיח,
וואָס וועט רייטן
אין דעם פאַרכמאָרעניש
צו גאָלדענע צייטן.

# תפילה זכה

דו! דאָ!
אָן איין און אוים,
אין אַטאָם־שפּליטער,
אין ניצוץ־בליץ,
אין געוויטער —
גאָט פון פרי און שפּעט,
אָן באַגין און אָן סוף,
נעם צו פון מיר
מיין זיפציקן רוף —
דאָס כליפּענדיק געבעט נשמהדיק האַרב,
ווי דאָס שטימעניש
פון קריכערל אין שטויב,
ווי זשוזש פון פליגן־רויש,
ווי פון גריל דער קרעלץ
געזשום פון בין,
פון שפּרינגערל דעם טשירפּ,
ברום פון לייב,
בריל פון טיגער־חיה,
איר שטייגער־לויב —

נעם צו, „שם־הויה", מיין תפילה,
ווי פון אַ פיש דעם זשרעברע־ציש,
דאָס קלאַפּערן פון שלאַנג
ווי „מע", „מו" פון אָקס און קו,
ציג און שאָף —
און פון פויגל־געזאַנג,

איך ווי פון אַ שלאָף
מיט זעלן־ציטער —
וואָס זע:
— דעם רויט־אויפשלאָג פאַרטאָג,
— די שקיעה אין דער נאַכט אַריינגעפלעכט,
— דאָס פינקלען פון שטערן,
— דער לבנהס פול ווערן
און איר מינערן זיך סערפּ־פורמיק,
דעם ים שטיל —
אויפגעבלאָזן שטורמיק...

אָ, גאָט!
ווי אַ ווערעמל די ווערט
אין געקריך,
ווי אַ קראָט אין טיף פון דער ערד —
בין איך.
מסתם מיט דיין זאָגן
און געבאָט
איבער דער וועלט געטראָגן
מיט השגה אַ מידער —
אַרומצוקריכן און דיך זוכן
אין דער נידער:
אין דריבל־שטויב,
אין גלאַנץ פון שויב,
אין רעיון פון מוח,

אין זאַנגיקע גרויפּ,
אין ווילד גראַזיקן אַנוואַקס,
אין ווינטיקן געשפּיר,
אין לײמענעם גולם,
אין הויך פֿון כל־עולם —
אַטעם פֿון דיר
איבער אַלץ אין אַרום־וואַלץ —
אויף קאָסמישער אַקס.
ביסט טיף אין די באַגריפֿן
אין מיר אײַנגעשליפֿן...

דו, וואָס האָסט וועלטן אין אַן אייביקייט אײַנגערינגט,
באַשערט איז מיר,
באַשעפֿעניש אויף דער ערד,
מיטן נפֿש רוח
פֿאַרעמען דיך,
מיטן דמיון אויסזיפּן
דאָס ממשות,
מיט מײַן חידושדיק קוקן
אַרויסזיפּצלען פֿון צעציטערטע ליפּן אַ טיף־און!
אַזאַ פּרוּוו:
צו געפֿינען
אין עולם־עליון
אין בין־השמשות
פֿאַר מיר
אַן אויסגעבעטלטן תּיקון...

# אַ שבח

ס׳איז די אָזערע
אין אַ טיפונג איינגעשיסלט
מיט אַ נעפּלדיקן פאַרהויך.

ס׳ווערט דער מאָרגן אַרויסגעשליסלט
פון פריאיקן ראָזדראָך
אין אַ מאַראַנציקן גאָלד
מיט ווינטל־רויש, בלעטער־שורש.
וויגנדיקע זאַנג
און גראָז
טויאיש פינקלט
אויס אַ בריליאַנטור
פון אַ שיינענדיקן אויפגאַנג
אין אַ לויכטנדיק בילד.

דער פויגל טשוויטשערנדיק טרילט,
די בין זשומט אַרום בלום און רויז,
דאָס זומער־פלאַטערל פון קוקון
מיט אַ טינקטור פון ראָז־קאָליר
פליגלט
אַהער און אַהין
אין דעם גאָרטן מיט בלישטש און שאָטן
אָפּגעשפיגלט.

אַלע אינזעקט־ברואים
און מיסטיקע טמאים
אויף פון דרימל
הוזשענדע און פוזשענדע
אין אַ געווימל,
קריכן און שוועבן
לויב אָפּצוגעבן.

און איך, פֿאַר די סודות אָפּגעהילט און דורכגעפּילט,
בין אין דער בחינה
אויפצופאַנגען אין דעם טאָגלעכן טרוים
די געזאַנגען און טרילן
איינגעגילדיקט אין רוים
פון דער זון
נאָך דעם „כלחוך"
צעהללויה זיך
אויף נשמה־סטרונע
מיט אַ יהי־מבורך־שבח.

# דער אַסטראָלאָג

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק

(נאָך טאַגאָר)

אין פריער שעה פון קאַיאָר
איז הארלון דער שטערן־זעער
אוועק אין פעלד
מיט אַ כימערע וויזיע
אין זיין רעיון ניט געצוימט —
אימה ניט געשטילט.

שאַקונדראַ.

ביינאַכט פאַרן שלאָף,
ווען ער ציילט (ווי אַ הירט די שאָף)
די געדיכט-צעפינקלטע ליכט
אין גרויסן הימל —
האָט ער דורכן שפּאַקטיוו דערזען
אַ ניי פלאַקערל,
אַ בליץ-שוועמל צעשפּילט
פאַרצאָרנט, ווי געוואָרנט.
און שפּעט,
אין אַ חלום-פאַרוויג, באַמערקט אין אַ ווילדן פלי —
אַ ראַקעט-שליחל — פייער-רוחל — לוניק־הויך
שווינדלענדיק געשווינד
אין אָרבּיט-קרייז משוגע-ווייז —
פּחד צו וועקן
אין טומאַנענדיקן מוח...

אוועק פאַרפרי אין פעלד
איז דער שטערן־קוקער האַרלון
מיט אויגן־גלי, פון חלום שיכור
נאָכן ווילד־באַשאַף — אין שלאָף,
דערזען אין האָריזאָנט,
אַ וואָלקן־סוטה,
מיט שרפהנדיקע האָר,
וואָס צעפּעכערט מיט טיכער רויטע
דעם קאַיאַר...
געזען אויפגיין אין אַ גיהנום־שפּיל
אין ברעג הימל כלחוך השור —
א חיה־רעה — געשטאַלטיקטע זון,
און זיך צו איר געבוקט, האָט ער,
פאַרטערערט אַרויפגעקוקט,
און אַ תפילה געשעפּטשעט שטיל.

שאַקונדראַ.

# נ י ו ־ י אָ ר ק

ניו־יאָרק: —
פון ברעג צו ברעג — רווישיקער באַוועג
מיט אויטאָס און „באָס"
אויף בריק און ברוק, הין און צוריק
אין רווישיקער גאַס
מעטראָפּאָליטאַן!
מיט עוועניוס, שטראָסן אויסגעשפּרייט,
אין אַ פּאַרקער־געפּאָר איבער דער לענג און ברייט,
מיט אונטער־באַן צעשלענגלט,
אינדזל איינגערינגלט, מיט ים און טייך...

אומגעהייער!
אַרויפגעשטויסט פון „וואָלוואָירט" און „עמפּייער"
הימל־געביי;
פון שטאָל, כראָם, אַלומיניום, גראַניט און מירמל־פּליט —
צו וואָלקנדיקן דערגרייך,
שטאָק אויף שטאָק, מיט טיר און טויער,
און מיליאָנען שויבן.

ניו־יאָרק — מיט טומל
צו באַטויבן —
שטיפּ־שטאָרק! מיט זאַק און פּאַק! אַנגעהויפט
און דורך ראַמפּע און פּאַרענטש —
געיאָגטער מענטש,
מיט נערוו צעשרויפט.

אַז כ׳שטיי אין צירקל געדריי,
צי אין ענג־געדרענג פון דיינס אַ סקווער,
און זע און הער
דאָס זשומעריי
פון דריידעל־ראָד אין דיר, שטאָט,
און כאַפ ריטעם פון טריט, רויש און שאַל,
און זע געביטן:
געל־גרין און רויט־סיגנאַל
מיט ראַשיקן צעהעל,
אָפּצוהיטן דעם גאַנג און אָפּשטעל;

אַז כ׳קוק אַריין אין גאָלד־צעבלענצטע צירונג־פענצטער,
בלישטשענדיק מיט בריליאַנט,
צי ס׳פאַלט מיין בליק אויף אויסגעפוצט נאָז־פאַרשפּיצט
מאַנעקין, מיט אַ בלום אין האַנט,
באַלויכטן ווי פון אַ זון;
אַז כ׳שטיי און זע: אותיות־געשריי
איבער געזימסן צעבליצטע —
אַ שרפהדיקע פּראַכט
פון שטערן־בילד און נעאָן־שילד
אין שימער־קאָלירן,
פון גאָלד, עמעראַלד, גרין
געל, מאַראַנץ און שטראַלן־גלאַנץ
ווערמיליאָן־רובין,
און טונקל־בלאָ סאַפירן —
פינקל־שפּרענקל

אין אַ פייער־שפּיל פאַר די אויגן
שורהיק, שנוריק, דורכגעצויגן,
זיך אָנצוזעטן, אין דיר מאַנהעטן
מיט דיין להבה־תאווה, געזאַנג און קלאַנג —
ווער איך אויפגעבריט, לויכטנדיק צעבליט.
איך כאַפּ אויף
מיטן בליק אין שיינענדיקן ליכט
פון פאָנאַרן — מענטש געזיכט
מיט אויפרעג און באַדאַכט:
— ס׳כסדר גיין אין הין־הער־וועג,
אָן סוף...

שטאָט
מיט דיין אַרומלעמפּלען די קינאָ־טעמפּלען
מיט ראָמאַנטיש מילדע
און פון „וועסט־ווילדער" שאָטן־בילדער,
דזשאַנגל — גולם־ברוט" „צען געבאָט",
פייער־גלוט;

שטאָט מיט ראָמבאָ, סאַמבאָ, ראָקענראָל —
שאַל פון מעש! אַ ריטשענדיקער געקריג פון דזשעז!
פאַרגוואַלדיקטע מוזיק,
מיט פּויק ווי הינט געהויק.

ס׳איז מיר ליב דיין מאַשין־געטריב,
גערעדלט און געדראָדלט
אין אַ געיעג אויף בריטן וועג,

מיט נאַכט-ליכט אָנגעשמינקט,
וואָס שײַנט און זינגט
אַ ליד פֿון פֿרייד און גלוסט,
רייצט די לוסט, די געבליטן,
אין מיר קאַרפּאַטן-יונג,
וואָס האָט טאָל, באַרג און דאָרף,
ווילד-וואַלדיק אָנגעוואָרף —
אויף דעם גרויס-צעשוווּנג
שוין יאָרן לאַנג פֿאַרביטן...
אָ, שטאָט ניו-יאָרק!
שטאָט, ניו-יאָרק!

## צעפּאָכעט האַרץ

קולות אויפגעשריגענע
פון הונגער־געשוואָלענע,
געוואַלדן משוגענע
פון דלות — אויף לופט כוואַליעס
ראַדיאָדיק דערהערט. —

וואָס איז מיין ענטפער
צו דער אַרויפגעריסענער טענה
רעוועגדיק איבער דער ערד:
— פליען אין די הימלען?
— טאַפּטשען אויף לבנה?
— נישטערן די פייערן?
— הויערן אין די וויסטענישן?
— זוכנדיק מלכות־הוד —
— אין די מיסטישע שלייערן?

איז מיין תירוץ: צעפּאָכעט האַרץ,
פון זיך צו אַנטלויפן;
שולד צו דער וועלט
אויסקויפן, מיט הויות צו גאָט?
און ניט געוויכערט — העכערן מיין קול
צו די, וואָס שווענלען אַרויף ברען־מחבלים,
משחיתים פון טויט,

שרעק אַנצוטומלען
אין דעם מיט אַ פֿאַרהונגערטן מויל,
אָן אויפֿגעריסענע,
צי אין די פֿון נויט און קרענק צעפּרעסענע.

איך זוך די השגחה,
זע ברען־שפּילעכער
אין די רוימען יאָגן,
מיט אָנגעצונדענעם בליץ
אָן אימה צעטראָגן.

אין שאָטן־שוץ
פֿון מחשבה־וואַלד,
ווי מיט בלעטער־צווייגן,
כ׳טו וויגן זיך און שווייגן —
טראַכט, טראַכט פֿון אויבערשטנס חשבה
אין אַ צעשטערנטער נאַכט.

# כ׳בין אַוועק אין וואַלד

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק

(נאָך טאַגאָר)

כ׳בין אַוועק אין וואַלד הערן די פייגל זינגען,
ס׳ציט מיך אַהין ווו ווילד־בלומען ווינקען צו דער בין,
ווו שווערמלעך די ערד־זאַפטן טרינקען
אין שימלדיקן־בלוי,

שאַקונדראַ...

כ׳בין אַוועק אין פעלד הערן גלעקלעך קלינגען
פון צווישן־בערג אויף ווייטע בלאָנדזשענדיקע קי,
הערן פאַסטושקע־געזאַנג, פייפל־רוף די שאָף,
שיכורן זיך מיט ווילדן ריח.
זאָל אַ רוחל ווינטלען די געפילן,
זאָל אַ זעל־סטרונע זיך צעשפּילן.
ווי אָרגל און פייפיאָל
פון אַ זוניקן טרוים
וואָלטן צעטראָגן
סוד פון דעם רוים
אויף בערג און טאָלן,
ניט ווערענדיק מיד: —
אור־וואַלדיקן אַ ליד,

שאַקונדראַ...

מיט אַ ליכטיקער רחבה
בין איך אַוועק קאַיאָר אין וואַלד
הערן פייגל זינגען: —
שאָף און רינדערס
גלעקלעך קלינגען
אין דעם גרויסן חלל שטילן
נשמה מיינע חדוהדיק איבערפולן
מיטן סוד פון דער טבע —
אַן אָנגעהויכטע מיט בליענדיקן צווייט...

איך בין אַוועק אין וואַלד
תהלימדיק געהויבן
פיאָלקעס קלויבן
פאַר מיינע בלומען־טעפּ,
וואָלקן־וועלקנדיקע
אויף די טרעפּ,

שאַקונדראַ...

# זיין חלום

ווּ ס׳קראַקען שוואַרצע ראָבן
איבער אַ טיפן תהום —
איז זיין זעונג באַגראָבן.

ער האָט דערלאַנגען געפרוווט
דאָס חלום־שמעטערל,
וואָס האָט אַרומגעפליגלט
אין אָפּגעשפּיגלט — לויפנדיקער צייט,
אַ געפליטערטע, פאַרשייט
אין די פרי־שעהן איינגעדרונגען,
און פון פייגל באַזונגען
אויף העל־בלעטערדיקן בוים,
ניט פאַרשאָטנט פון וואָלקן,
און ווי בלומען ניט וועלקן...

אָ, קינדישער טרוים
פון פליענדיקע האָזן,
צעבלעזלטע זייפנבלאָזן פון שוים!

ווּ ס׳קראַקען שוואַרצע ראָבן,
ליגט זיין חלום באַגראָבן
אין אַ טיפן תהום...

און ער, ווי זיצנדיק שבעה
נאָך זיין שאָטן,
קריעה־בליה געדאַנקען־קרום,
זעלען־שטום, פון אַ סם פאַרבראָטן
ביים טויטן־ברעג
צעשפּילט מיט שרעק —
פאַרוויגט אין זיך
אַ צעפּיעשטשעטן רוח...

## כ׳האָב געקאָנט זיין

כ׳האָב געקאָנט זיין
אַ שיין, אַ שטראַל,
בויערנדיק די ווייט,
זיך טראָגן
אין אָן־סופיקן אַוועק,
בליאַסק אָפּצושלאָגן,
די פינצטערניש אויפצוּוועקן.

ס׳האָט געקאָנט זיין מיר באַשערט
ווערן אַן אור־מחשבה,
וואָס בלאָנקעט אין דעם אויסשפּרייט
צווישן וועלט־ווייסטענישן
אין איינגעטונקלטער טבע
צו געפינען אַ תיקון.

כ׳האָב געקאָנט זיין:
אין צעשווימענע רוימען
אַ שטערן־זריעה —
מיקראָביש קליין,
אַ ניצוץ פון אַ ליכט, וואָס פינקלט אין די נעכט,
אויפבליץ פון טרוימען —
די פּלאָים פון קיום.

געקאָנט כ׳האָב זיין:
אַן אויפבלישטש פון אַ שאַריענדיקן אַנהייב,
אַ פאַרבלענד פון אַ שקיעה,
אַ קערנדל קאָסמישער שטויב.

און ניט אויף מאָכיקער ערד,
מענטש־מוראדיק בלינד,
זאָל מיר זיין באַשערט
מיט אַ ספקות־ווינד
אַרום־צו־תוהון
אויף דער גרויליקער וואולקאַניש צעשטערט
וואָס שפייט פון תהום אַ לאַווע־סם,
אירע וואָלקענעם דושען,
ווינטן־הינט יושען.

## זי

פֿאַרפֿרירט אין איר יעדן אבר
געשטאַנען איז זי,
מיט צער אַ דורכגעזיפּטע
פֿאַר אַן אָפֿענעם קבר,
פֿאַרקלעמט,
ווי אין אייזערנע צוואַנגען,
זייט פֿיבערדיק פֿאַרברענט
ער איז אויסגעגאַנגען —
— אויף אירע שאָרסטקע הענט
איצט מיט זאַפֿרענעם פֿאַרשטאָכן,
גייסטיק צעבראָכן.
און פֿון איר ברוסטיקן שטורעם
אין טיף אָנגעריסן — האָט איר אויג ניט געטרערט;
און זי האָט ניט געהערט
אויף אַנדערע קברים
די יאָמער־געקלאָגן און קדיש־זאָגן.

געשטאַנען איז זי איינע אַליין,
ווי אַ שטיין געמצבהט,
און ווען אים האָט די לאָפּעטע פֿאַרשיט,
האָט זי אַרויפֿגעקוקט
צו דעם, וואָס צעפֿינצטערט דעם טויט,
און איר בליק
איז געווען ברענענדיק איינגעבויערט
אין דער שקיעה.

— אַ רויט פֿאַרלאָפֿענע,
וואָס האָט זיך ערגעץ אין אַ מדבר
טריב און נאַכטיק
אויף דער לבֿנה אָפּגעשלאָגן,
און שאַקאַלן האָבן באַוויינט —
צעשויבערט פּחדיקע
פֿאַר עפּעס אַ מורא,
אין וועלפֿיש-פֿייערדיקן אָפּבליץ
פֿון איר אויג אַריינצוקוקן.

# כ׳וועל אַוועק

כ׳וועל אַוועק
צו ערגעץ אַ ימיקן ברעג
זיך אויסזוכן אַ פעלדזיקן שטיין.
ווי איבער דער וועלטס שוועל אַן ארויסגעזעצטער,
און אונטער אַ וואָלקנדיקן שטורעם מיט דונערן און
בליצן,

ווי אַ שירעם אויפגעטאָן —
זיך שאָטענען און זיצן;
מיטן בלוט אין מיר צעזידט,
כ׳וועל שטום
דעם רויטן פּיין פון מאַרך אויסזייגן,
וואַקלען, שאָקלען זיך און שווייגן.

געקרובט מיט קיינעם
אין שרעק;
כ׳וועל זיין אַדורכגעשרפהט
ווי פון אַ פלאַקסיק-פלאַקערדיקן קאָלטן
משוגעהדיק פאַרשאָלטן.

מעג טיף אין מיר ברומען אַ צאָרן,
זיין אין גאַל אַריינגעפאָרן
דאָרט האַרטלען זיך אין שטעכיקן שטיין —
כ׳וועל צונג פאַרבייסן מיט די ציין.

יסורימדיק אין צווייען געבויגן,
ווי אין קראמף־שטריק איינגעצויגן
כ׳וועל דאָס סבלנהש אריבערטראָגן.
זאָלן הוימלאָזע הינט קלאָגן
זייער הונגער־טענה צו דער לבנה,
סקאַוווטשענדיק
אויך מיין ביטערדיקן פאַרשוויגן --
האָבן כלביש אויסגעשריגן...

# ליטל־ראָק

דער ברענענדיקער בליק
(געשפּיזט אין מיר)
פון אַ נעגער־קינד
יונג און שוואַך,
פון שול אַן אַרויסגעוואָרפנס
(אויפן וועג אַהיים צוריק),
פאַר דער „פּיגמענט"־זינד
פון דער הויט —
אַ געטונקלטע שוואַרץ —
ווי אַ רענטגען־שטראַל כ'שפּיר,
שרפהט דורך מיין האַרץ
בלוטיק רויט,
בויערט דאָרט אַ לאָך.

כ'פּיל ראַפּע־זאַלץ
אויף מיין בלאָטיקער צונג,
אַ סם־סלינע אין האַלדז
וואַרגנדיק איך פאַרשלינג,
אין פּנים אַ בושה־פּלאַקער,
ס'פאַלן נשמה־שטיקער,
ס'חושכט דער געוויסן —
פאַררויכערטע שאַנד
קנאה, שנאה,
ווי סם אַן אַרויסגעשוויצטע
אין מערב־געגנט פון מיין לאַנד.

# אָן אַ פּאַספּאָרט

אויף ווערמענס פּאַס בלאַנקע איך אַרום
אין דרויסן פרעמד־פאַרשעמט?
ווערמענס שטן׳דיקע שליחות
בלויז פיר איך אויס,
אַן אויסגעוויזענער פון אומעטום,
געיאָגט פון בייזע רוחות?

אַן אָנגעלאָפענער פון ערגעץ־ווו,
דורך וויסטעס ווייטע אָן אַן ענד,
כ׳ווער געטראָגן פון אַ צוג־אומרו,
וואָס שווינדלט דורך אין אַן אויגנבליק —
איילנדיק פאַרשווינדט,
און לאָזט נאָך זיך ניט געשטויגן גליק...
אַ מיראַזש, אַ שאָטנדיקער בלענדט,
ווי פון אַן אומעט־שווימענדיק טועה־ליכט
אין אַ פינצטערדיקע נאַכט,
זיך טוקנדיק פון ווינט.
אין נעפּלדיקן טומאַן.
ניט ביים ים־ברעג ווו שיפן ברומען,
ניט אויף שינעס אויסגעלייגט,
פאַרקעט רויכיק דורך מיין באַן
מיט דער סאַזשע הויך געווינטלט;
ניט אין גאַס
יאָג איך דורך מיט אַ מטורף־שפּאַן;

כ׳ווער פון קיינעם ניט געפרעגט,
ווי אזוי מ׳רופט מיך ביי מיין נאָמען.
אין אַ תוהו מיט זיך צעקריגט,
אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועו,
ווער איך שטן׳דיק ארומגעשיקט,
און איך בלאָנדזשע — פון פען באַטינטלט,
פול פאַרדרוס —
מיט אַ פרעמדן פּאָס.

# צפון־ליכט

אַמאָל אין אַ שפּעט האַרבסטיקער נאַכט,
פאַרבלאָנדזשעט דאָס צפון־ליכט
אין דעם איינרינג פון די חושך־בערג,
אַרום הויך־אויפגעשטאַרצטן „קאַפּראַ־פּעלדז" —
אַ היראָגליפנדיקער באַשריבן
פון ווינט־יללה,
פון שטורעם־מלאכי־חבלה,
מיט אַ גרילץ
שוויפּטשנדיק אַרומגעטריבן...

אַמאָל,
אין האַרבסטיקער נאַכט,
ווערן די הויכענישן אָנגעצונדן,
מיט אַן „אַראָראַ־שטראַל"
פון פּערלמוטער, הימל־בלאָ,
טורקיז, וויאָלעט, פונקען־פּליטער,
צינטער־רויט,
גרין, געל, לאַוועצדער.
און מיט אַ הויך פון לבנה־טויט,
אילומינירט, אַריינגעהעלט
פון אַן ערגעץ ווייטער יענער־וועלט,
און דער מצבה־שטיין ווערט אויפגעלויכטן
מיט זיין „חרטומים־כתב"
וועגן אורבאַשאַף —
די גרויסע בראשית־מעשה
צום פאַרזילבערטן וואַלד, אויסדערציילט.

און דיביימער, פאַרהויכט
מיט אַ מיסטישן בלענד,
קאָסמיש אָנגעצינדט
גלימצערן און גאַפן
פון דעם אַרום,
וואָס׳ שפּילט זיך אויס
אין אַ קרוין־תּפילה,
ווי שטערן בליסקענדיקע פּילע,
אין אַ שימער־טאַנץ —
אַוועק, אַוועק,
פון אויסגעשיינטע טעג
מיט אַ נעכטן־גלאַנץ.

אַן איינבלישטש־סוד...
מיט אַ פלאַטערניש,
נשמה־ציטערניש פאַר גאָט,
אין טיף פאַרכטעניש דו שטייסט —
אין דעם געליישטן גלימצער איינגעגלייזט.

## פייער־ווילד

פייער־ווילד,
אַטאָמדיק האָט ערד
אַרויף געמחבלט,
אַ משחית־רויך,
אַ וואָלקן־געוואַלד,
אַ גיהנום־בלום,
אַ בליענדיקע
צערעוועט מיט געברום,
ווי אַ שרף־חיה,
אַ בליץ־יללה,
אַ דונער־קללה,
פון ערדן־באַלעם —
צום כל־עולם.

אַן אש־להבה
פון שד —
זיין שבח אַרויף
צו די נאַכט־פינקלדיקע
קאַניצן פון גאָט.

ס׳שיסן אַרויף די בני־מוות
אַ גליענדיקע גריל
צו דער לבנה און מאַרס,
מיטן ראַקעטנדיקן הרס
פאַרטומלען די הימלען.

ס׳טראָגט אין זיך
די בלענדיקע פליג —
זיך מיניענדיק רויט —
דעם פונק פון קריג,
היראָשימאַדיקן טויט.

ס׳פליט הויך אשמדאי אין אַ צינדער־וואָגן
מיט רוחות צעשריגן —
דעם אויבערשטן צו להכעיס.
ס׳וויינען קינדער אין די וויגן.

# אַ נ ב ו א ה

אַרויס פון דער תוהו,
אַרויס פון די נעפּלען גרויע —
פון וועמען באַרופן,
פון וועלכן קאַנט און לאַנד
קומסטו שטראָפן
מיט זאָג און ברי ווי דער הירט פון פּי
(פון די שעפּער־לייט אין תקוע)
מיט געאַרטן וואָרט, פון זעל געשפּאַרט,
געוואָרנט און געצאָרנט,
ווי דער דמיונדיקער פאַרטראַכט אַרויסגעבראַכט
האָט אימאַזשן, מיראַזשן,
געפּיילטע רייד —
אין די, וואָס ס׳פאַרמשכונט קלייד
האָבן אונטער זיך געשפּרייט
„צו שלאָפן אָנגעזאָפּן"...
געוווערטלט גלי־שרויט,
— צו די פאַרטויבט און מיט אָרעמס אָנגערויבט,
צו זון און פאָטער ביי איין מויד,
צו ווייב מיט איר זונה־לייב,
אין געמאַרקן־ראָד פון שטאָט...

פילסט כוח אין דיר אויסגעשליפן
איינצוטיפן אַ מוח־פאַרקריץ
אָן עמוס־בליץ,
„פון דריי און פיר"
אין געמיט אויסגעשמידט?

פונק — צעפליטערט, פלינק צעציטערט,
פון נפש־בלענץ מיט ביבל־גלאַנץ
צו שרעקן די — „מיט פאַרוויאַנעטע זאַנג״,
„בייסנדיקע שלאַנג״,
„אויפגערופענעם פלאַם״,
„געטראָפענע פון שווערד״,
„אַנטלאָפענע אונטער דער ערד״,
„אין הימל און ים־תהום״,
„געפונענע, אַנטרונענע״...

האָסט פון ציטערדיקע הענט
פינגער־נעגל בלאָע
מיט הבדלה־פייער געברענט
זיין ראוי
צו סופרן אויף ג״ך־פאַפיר,
ס׳ברענעניש אין דיר —
פון בלוט צעזידט?...

אויף וועמענס רוף קומסטו אויף
(ווי דער הירט פון שאָף),
דיין גרימיקן צאָרן, ניט דורך האָרן־שאַלן
וואָרענען ווי ער:
„היישעריק פרעסט דאָס ברויט־גראָז״,
„ס׳פייער פאַרלענדט דאָס לאַנד״,
זען „די וואָגשאָל — אין באַשעפערס האַנט״,

„זומער-אויבם אַ קאָרב",
לאָזן אַ נבואה פאַלן האַרב
מיט חיתוך-הדיבור העפּ,
„שלאָגן די זיילן-קעפּ",
שרעקן מיט „האָקן און פישער-שטאַנגען",
מיט ווערטער-ברי: די בשן-קי, באַפאַנגען,
וואָס אין זינד געזונקען,
„דורשטיק פאַרטרינקען,
דעם עלנדנם מי..."

פון וועמען באַרופן,
פון וועלכן קאַנט און לאַנד
קומסטו שפּעט, שפּעט, שטראָפן?
ווער וועט הערן
די מוסר-רייד דיינע
וואַרפן „ווערטער — שטיינער"
אין די:
בגילופין, מיט שטן-גליק אין בליק,
בעתן דראַפּען זיך צו די שטערן
צו פלעכטן שטראַלן-שטריק
אין די ספערן
מיט פונקען-סוד,
געראַבעוועט ביי גאָט,
מיט פייער-פלאַקער,
ראַקעטן-ציל,
צעטומלען

איינגעוויגטע הימלען.
שטילע בלאָ און רו
מיט אַ שטן-שפּיל ;
פון פאַרגאַזעוועטע וואָלקנס גראָ אָנגעשלאָגן
אַ סם, און פלאַם צעטראָגן
צו ערד העל-ווינקלען,
אין אַ פאַר-בראשית צו פאַרטונקלען.

# ראַקעט

ווען די נעפּלען זיך צעזדראַכן,
פון אַ וואָלקנגלי
ווערט אַ קוואַטשקע אין צעפּלי,
און פון אונטער איר,
ווי פון אַן איישאָל גרוים,
מפילט זיך אַ געלעכל אַרוים —
די זון.
פון דער קעגנזייט
שווּעמלט אויף אַ כמאַרע־קנויל —
אַ שאַרלאַך־וווּנד
אַ רויט־שגעון פון אַ ראַקעטן־מויל,
אַרויפגעשלאָגן אַ גרויליקע־פּאַרע
אין שחרית־שעה.

וועמען וויל דער מענטש אוועקרויבן די רו?
וועמענס פייערקראַ איז אויפגעטראָגן?
און צו וואָס מיט בליציק קלאָגן
געפּאָרשט די הויכע פּלוינען
אין רוימיקן אָן־מאָס,
ווו פּלאַנעטן, גייסטער געפּרוירן,
אייז־גליטשיקע אין די פינצטערנישן הויערן
אין אַ תמידדיקער נאכט?
צי די וויטן דאָרט
פון אַן אורבייזקייט פאַרטראַכט,

מיט גאַזן, פּענכערדיק אָנגעבלאָזן,
אין אַ פאָספאָרדיקן ווערן,
פלעמלען ווי שטערן
פון ווייט —
אָנגעצונדענע קנויטן פון צייט...

ווען זוכט דער מענטשן־מוח
מיט „טעלע־בליקן" אין דער הויך?

שיסט ראַקעטן צו די פּלאַנעטן
אַ ריטשנדיקע יללה
אַרויף, אַרויף —
צום סודותדיקן אין־סוף.

## גאַלינאַ אולאַנאָווא

דו! געבענטשטער גוף,
צעפּעכערט אין טאַנץ,
אַרויסגעטרוימט פון אַסטראַל־וועלטן,
אַ צעשוועבטע אין אַ געבעט,
אין יעדן ריר,
אין יעדער תנועה,
אין יעדן גליד,
אַ פרומע צנועה,
אַ צעזונגען ליד.

נימף!
צעשטראַלטע וואַסער־בתולה
אין אַ רקודהשן טריומף,
צעוויגטע תפילה,
גרינג אין שווונג.

פליטער, ציטער
וויברירנדיק פון ערגעץ ווייט
„שלאָפנדיקע שיינהייט".
דו „גאַזעל",
צעפליגלטע טויב,
צעפלאַטערטע זעל הויל גראַציע,
דו טרוים!
ווייסע ליליע, וואַסער־שטראָם!

צו דיר מיין געזאַנג, מיין זעליקע עמאָציע,
לירישע פיגור,
פאַרפירישׂ אויסגעשניצט
און איינגעקריצט אין געדאַנק —
אַ בילד מיט בלאָע הייליקייט צעהעלט...

באַלערינאַ!
אין אַ זילבער־ליכט פון לבֿנה —
„אַ שוואַן",
„אַ פויגל־מאַדאָנאַ".
אין חלום־טייך איינגעתּושבֿט
פאַר דיר אַ קרוין,
מיט שטערן־שימער
צעבלענדט.

פאַר דיר מיט תּפֿילהדיקע הענט
אין מיט־חודש־נעכט,
צעדאַוונט נשמהדיק,
אַרויפגעבליקט און צעוויגט,
ווי צום הימליש, צוציענדיקן ליכט,
וואָס כּישופֿט
צו „אַלונאַר־וועלט"...

## אין אַזאַ טאָג

אין קאַיאָרישן אָניאָגן
כ׳ווער פון טיפן אויפרעג
אויף די „שחר־פעכער"
ווינטיק געטראָגן —
אָקעגן די ארוים־הימלענדיקע טעג
צעבליטע, ערשט צעגליטע.

כ׳בין להוט נאָך שיין,
ווי דאָס גרינע קריכערל
פון אונטערן שטיין
אויף מוראשקע־וועגן,
פויזנדיק,
נאָך אַ בליצנדיקן רעגן.

אין וועלכן אויפגלי פרי,
פון צעצונדענעם רויט
זע איך ניט דעם באָגינען,
אין אַן אָוונט־טויט
שוין אויסגערינען?

אין וואָס פאַרא טאָג אַזאַ,
ביים אויפגיין,
צי ביים פאַרגאַנג,
וועט מיין זעל זיך לעשן?

זיך בלינדלען די ראיה
אין די פֿאַרגלייזטע אויגן
מיט אַ פֿאַרגליווערטער טרער?

כ'וועל ליגן,
אין אַ מוראדיקער פֿינצטערניש איינגעשוויגן
און ניט מער
זען דעם כוואַליענדיקן ים,
באָדן, וואַשן
די שקיעה אין אים;
ניט הערן
דאָס בילן פֿון הינט,
דעם קלויסטער־קלאַנג
און דאָס דערשראָקענע געוויין
פֿון אַ קינד?

## קריגער פון שלאַכט

קריגער פון שלאַכט,
זעלנער-יונגען,
פאַרריסט און פאַרשוויצטע,
מיט רוקנס געבויגענע
אין די טראַנשייען —
קומט אַרויס פון דער שריפה
מיט קללות נאָך ניט געהערטע
די וועלט צו פאַרטויבן;
קומט אויף פון דער מגפה,
מיט פויסטן געביילטע
פון הענט אויסגעצערטע.

זאָל פון אייך אַרויסשרייען
אַ געריכטע טענה,
אַ געוויין צום „שם-הויה".

זאָל אויפגיין טויזנט פאַך אַ מע-פלוך,
ווי פון אַ חיה,
אַ ווילד-ציגענע,
פאַרן חלף אַ צעשריגענע.

זאָל אויפגיין, ווי אַ וואָלקן-שטויב,
אַ ווילד-שריל,
אַ שגעון טענה,
אַ מטורפדיקער כעס אַרויסגעהאַרבט.

ווי פון כלבים צעהאַווקעט,
אין אַ רוי געוואָי
צום הימל רויטן,
פון אינדערפרי
און פון פאַרנאַכט —
אַ צייכן
פון די משונה-טויטן
אין די וואָלקן זיינע
איינגעפאַרבט...

# שאָף־שערונג

פון ציקל אינדיע — ניו־יאָרק

(נאָך טאַגאָר)

מיין דינער, אין פריען מאָרגן־גרוי,
ווען ס׳דעמערט דער טאָג,
איז אַרויף אויף דער „מורמאַרעק״־סטעשקע,
וואָס שלענגלט זיך איבער די פּאַשע־הויכן
די שאָף צו שערן
אין די „פּאָלאָנינע־בערג״,
ווו העכער זיי
די נעפּלען ווערן
רויכיק בגילופין, און זיי טריפן
אַ זילבערדיקן טוי —

שאַקונדראַ...

נאָך נעכטן פון מיינע פּרינצלעכע פּאַלאַץ־שוועלן
האָב איך אים באַפוילן:
שאַמראַ! שאַמראַ!
פעדער זיך פאַרן ליכט־אויפקום,
איידער ס׳רויטלט זיך דער הימל,
און ווען וועסט דערזען אין באַגין
אין צייטיקן קאָרן
אַ שימער־שימל —
גיי אַרויף פון פּולוואַרעק
צו די „קאָשערעס״ מיינע,
ווו ס׳הויערן די שאָף: —

און מיט דער „טראַמבעטע”־בלאָז
רוף זיי אויף,
און די, וואָס ס׳שווערט זיי די וואָל,
באַפריי פון ווייכן „פלאָס”.

אין דער ווייט גרויסער וועלט,
ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפענער שטאָט,
געפינט זיך אין אַ צעלט מיין זי
איינגעפרוירן.
דאַרף מען, כ׳לעבן,
אַ הילעם איר אויסוועבן
אויף דעם שפינדל־ראַד —

שאַקונדראַ...

מיין דינער איז אַוועק מיטן בליאַסק פון טאָג
אין די פאָלאָנינעס די שאָף צו שערן.
לאָז אים גליקן אין דער וואָג!
און ווען קומען ער וועט צוריק פון די בערג
פאַרן זון־פאַרגאַנג,
וועט זיין פאַר אים געגרייט:
אַ רעפטל ברויט, מילך־געטראַנק,
אַ הייסע בולבע אין געפעס, אַ שיסל קעז,
און האָניק ניט געפרעסט.
און ווען די פייגל וועלן דרימלען שוין אין נעסט,

ווער איך פון דעם ערשטן שפּראָץ
פון מיינע שאָף וועבן פאַר איר אַ קאָץ
זיך איינצודעקן,
ווען חלומות קאַלטע וועקן
און שוידער־הוריות שרעקן.

שאַקונדראַ...

# ער ווערט געטראָגן

ער ווערט ווילד־רוהיש געטראָגן
אין אַ וויכער־וואָגן.
ער זעט פאַרגעפּלטע שטעט,
רויכיקע וועלדער, הורג־פעלדער,
ביטער־זאַנגען, סם־שוימען איפּגעגאַנגען,
די חושכדיקע ביאה שעהען
נאַקעטע לילית־מיידן תאווהדיק פאַרבריען,
זונהדיק פאַרשוויצן מיט די הפקר־געצן.

ער נידערט אראָפּ —
אַ כופר־בעיקר —
אויף וואַקלענדיקע פּיס,
ווי אַ שיכור.

הערט: קולות באַנומענע,
שריי־תפילות פון אומגעקומענע,
מתים אין ברענענדיקע טליתים.

זעט:
די דרייאיינִיקייט, לייט,
נוצרי־דינער
יסורים־שפּינער,
שעכטער און בהלה־פלעכטער,

זעט:
הרוגים נאָזנדיק ליגן —
די אויגן אויסגעפּיקטע,
פון ראָבן אויסגעפּליקטע,
אַרומפּליענדיק צעשריגן.

די ליפּן פאַרביסן —
שפּיזט ער אַריין זיין בליק מיט שטאָך
אין דעם שווידער־כּדור —
ערד, אין רויטע רעגנס איינגעטרערט.

זאָל דורכשוועבן דער „שוויענטי דוך",
דערפילן זיין ביסטרע בליק
איינגעשרפהט אין אים דעם „איש אלוהים",
ער וועט זען אין אויג־פּלאָם
אַ פייער־שלאַנג
צוויי טויזנט יאָר שוין קראַנק...

ער וועט זען אַ גרויל־געמעל —
די וועלט אין זיין צעצלמטקייט געפעלט,
וועלדער, הורג־פעלדער,
רויטע זאַנגען —
און סם־שויטן אויפגעגאַנגען...

## ס׳פירט אים אַצינד

ס׳פירט אים אַצינד
דער גורל ווי אַ בלינדן —
אַן אויסמושטירטער
וואַך־וועלפנדיקער הונט.

אין טראַנטעס אַנגעטאָן,
אַן אַנגעליטענער,
אין „שקראַבעס" געשיכט,
אַ פאַרחושכטער ר׳זוכט
מנוחה,
אַ ווינקל וווּ,
איינגעשאָטנטע רו.

ער וואָגלט איבער שטרויכל־שטיין,
שטעכל־שטעגן, אומוועגן,
טוט זומפּ־בעטן דורכקנעטן,
און געמויזעכצן מיט ראָר,
און טרוימען אַרומרוימען,
פון צעדמיונטן וואָר —
אָן בלענצנדיקן שיין.

מוח־קאָשמאַרן צעאַקערן דעם געדאַנק,
געוועלטיקן
און געשטאַלטיקן שלענג,
וואָס צינגלען אוים אַ סם־שוים.

ווי אַ בלינדן, אַ הונט,
דער גורל פירט אים
האַלב זין־געריירט
אויף שטעכל־שטעגן,
זיג־זאַג־וועגן,
איבער צעטרעסלטער ערד, אַ שפּאַטנדיקן אין גאַנג,
צו אַ וויסטן תהום...

ער שפּינט רעיונות —
מחבל־זונות —
אויפגעשטורעמטע פון ווינט,
צווינטערדיקע עבודה־זרות אויסגעדינט.

## צ י י ט

צייט אָנגעשיקטע, דול פֿאַרריקטע,
רגעס צעבינדן,
צערודערטע שעהען
פֿון משחית־לייט אָנגעצונדן.

מינוטן אָנגעריטן,
ווי אויף צעפּלאָשעטע פערד,
יאָגן, טראָגן,
וואַנדיק צעקרעלט פֿון עבר־פעלד,
אַ ווילד נעכטיק בילד,
מיט שטורעם אָנגעשיכורט,
ווי כימערעס־כמאַרעס
מיט בוהיי־קעפּ און מיט לילית־צעפּ.

כאָטש טונק איין אַ שרעק־פען אין זיך,
אין פלאַם, ווי אין צעברענטן פעך,
און שרייב שירה אַ תחתון־זמירה
אין שטן־גלעקער אויפצוקלינגען
פֿאַר אַלע רוחות גרייט
אין די שימל־זומפּן דאָס אויסצוזינגען
צום שר־סנדלפֿון שוין.

ס'פלעמלען גרין־בלאָלעך־רויט,
ווי פֿון אַ נעפּל אַרויסגעגרויט,
צווישן גליאיקע וואָלקן־שטיינער,
קינדישע פֿאָספֿאָר ביינער,

כאָטש אויבן זון־שויבן אויסצושלאָגן,
און ווי שפּיגל־שפּליטער דאָס צעטראָגן
איבערן פעלד, קבר־וועלט
צו גילדיקן צעבליצטע,
ווי די פונק־אותיות צעשפּריצטע,
איינגעשרפהט אין פּאַפּיר
פון אַ בליץ־פּען,
ווי אין טינט,
געטונקען אין אַזאַ שעה,
אין דם־רע
וואָס אין מיר.
צייט, ציטער צייט !
אַ יעדע רגע, אַ יעדע מינוט,
איז פאַרגאָסן מיט פיבערנדיקן בלוט.

# ז ע ס ט

## א

זעסט: די זון־רעפּלעקסן
מאָלען האָריזאָנט־טאָלן,
אָקעאַן־וועלן בליסקיק בלישטשען
מאַראַנצן־רויט, ראָזעט, וויאָלעט, מאַרין, מאַרון, געל און גרין,
שטראַל־צעבליט בלענץ און שאַמן־צו צעשפּילט.

מיידן פון אומעטום אין פייגן־בלאַט קאָסטיום ביים ים,
מיט דופּטיק צעלאָזטע האָר,
ס'בלוט צעמישן — לוסטיק גלוסטיק אויסצוקושן.

טבע־שוים איז רייך, סאַמעט ווייך, מיט רויז און בלומען,
פאַרפומירט מיט כישוף־חן, רייציק שיין,
פון בייטן אויפגעקומען.

אור־אור שימערירט.
די ים־כוואַליע וויברירט,
געזאַנג פון ווי לאַשטשעט, פּיעשטשעט זעל צו רו.
חוה־בליקן בריען, גופים בליען
מיט אַ ריח פון תאווה־צייט
היים צעגליט.

נעכט מיט פאַקל־ליכט גלאַנצן מיט חלום־פּלאַנצן
פּאָר ציגן־צאָפּ, און ווידער מיט שטראָלן־הערנער,
וואָס צווישן דערנער, טאַנצן
צום טאַקט פון צימבלען און פּאַעטן.
פידלען אויף לבנה־סטרונעס,
צעוועקן קלאַנגען פון פאַרגילגולטע געזאַנגען.

ב

כ׳זע: פּאַראַזיטן־פּלאַנצן
האַרץ־וווּנדן אָנגעצונדן, בראַנדיק רויע,
צעביילטע ניט פאַרהיילטע;
כ׳זע דורך אויגן־צער, פינצטער־געפּאַר,
שלאַנגיק צעבישן, טיפּסטע טיפן אויפגעריסן.

כ׳זע: פּאַראַזיטן־פּלאַנצן
מיט עיפּוש־געררוכן פון דער ערד אויפקריכן,
וואָס פּויזען און ווערגן רויזן.
אין מיר ווי אַ מחבל גראַבלט טיף
איך פרווו דעם ברויז אין בלוט
פון זעל־שניט טיף פאַרגליווערן.
אַפילו די שקיעה מיר אין געזיכט,
די פייער־רויז אין מיין ראיה,
טונקלט, טונקלט ווי די נאַכט.

# ד ע ר  ט אָ ג

דער טאָג,
אַ פלאַקער־בראַנד,
איז דורכגעלאָפן
אויף מרכבה־אַקס,
אָנגעצייכנט מיט „שיין־געשריפט״
אין קאָסמאָס־פּנקס, און פאַרטריפט
מיט שקיעה־וואַקס
אין מערב־ראַנד
ס׳פאַרבליען פון די צייט־שעהן
מיט זונגעוועבטע פרייד און לייד, פון פלאַם־רגעס אויסגעוועפּטע,
פאַר ווּעמען — אין גליק פאַרשוווּנדן,
פאַר וועמען — ווונדן אָנגעצונדן —
בלייבן ליגן אין אויבער־תהומות ווי פייער־חלומות,

אויסגעשפּילטע אויף פּורפּור־לירע
מיט אַ צאַנקיש העשען, זיך איינצולעשן —
אין נאַכט־שכחה פון חשכה.

מיט פינצטער־טאַרביצעס די „נאָקטורן־באַביצעס״,
זיך וויגן, וואַקלען
פון אַ „שימל־קנויל״ אַ הבל־האַקלען,
פאַרלירן אויגן,
און מיט מורא זויגן,
פון טשערעפּ־קרוגן נאַכט־אינטריגעס:
וועמענס סופן זיבן אין אָפּגאַנג איינגעשריבן;
וועמענס געוויין — אין פריענדיקן פאַרשיין
צעריפּעט, אָפּלדיק איינגעכליפּעט;

װעמענס פֿלאַקערדיק אױפֿרעגן װי אין די ראַנד־ברעגן
ס׳רױטס צעװײעט — אין די חושכן פֿאַרטײעט.
װעמענס מינוטן פֿון הײסע בלוטן
אָפּגעגאַנגען, װי הפֿקר־שלאַנגען,
אױף לופֿט־פֿערד װילד צעריטן.

דער טאָג
אױף און אָפּ
אױף מרכבה־אַקס
פֿליענדיק, צינד־ציענדיק
פֿון ראַנד ביז ראַנד
פֿאַרצײכנט אין פּנקס־ספֿר
פֿון אוניװערז,
אין „זון־געשריפֿט",
מיט אות פֿון קאָסמאָס,
אין רױט פֿאַרטריפֿט
מיט אַ זיגל־װאַקס,
ס׳אױסגעװעפּטע דורכגעלעבטע,
טרױם־געװעבטע, געדאַנק־באַגריפֿן,
פֿון דמיון־אױסגעשליפֿן,
װאָס װערן אין אַ תּבל־הבל,
אין עבר־װיגן אײנגעשװיגן.

# באַגין און סוף

אין אַ צעמיש פון עבר־וויסטעניש —
איז בראשיתדיקער אויפלויף
פון תהום חושכדיקן
ווירבל שטראָם,
קדמונדיקער צעריר,
מיט שווינדל פאַרן מוח פאַרצויגן,
נעפּלדיק דאָס אויפצונעמען: —
דרום „דמיון־פיברעס"
זיך פעדעמדיק וועבן,
אָן אַ פריער, אָן אַ שפּעט,
פאַרסטריגעווען חלום־נעט
פון „חבלה", ביבל און „פאַבולאַ",
פאַרליאַמעווען מיט אַ פאַטאַלן זוים
דעם זין פון „ערשט־באַגין".

ס'האָט געמוזט געשען:
איידער ס'האָט חלל זיך צערוימט,
האָט אור־מחשבה אַרויסגעטרוימט
די צייט,
צעבלאָזן און צעשפּרייט.

רקיעיש צעוואַלגערט, גאָרנישט־גולם,
אין אַ כל־עולם.

פונקען אין הויל, איינגעברענט מיט געטומל,
פון גראָ און בלאָ אָנגעהויכט אַ הימל.

דעם „אור-חדש״ מיט וואָרט
פון פינצטערניש אַרויסגעשווענקט,
אויף די גאָרנישטן אויפגעהאָנגען,
זיינע שטראַלן באַשאַפן, וואָס לויפן,
אָן סוף אָן עק —
ווייט צעגרוימיקן אָרט.

פון אַ פּיצל „דרויבל״,
„אַ נקודה-פּינטל״,
האָט כביכול אויסגעקיילעכט די ערד.

פון זיין אָטעם-ווינטל
געפורעמט אוראַגאַנען,
טייפון-מילן אָפּצוקילן ווולקאַנען.

פון לאַווע, זידענדיק אַרויסגעיווירן,
גראַניט און קיזל-פעלדזן אַרויסגעבוירן.
איר אינגעווייד געשטייגט, געקווילט.
פאַרוואַנדלט מינעראַלן
מיט ברען-געוואַלט
אין כל המיני מעטאַלן:
„ראַדיאָ-אַקטיוו״ אויסשעפּענדיקע,
אין מיליאָנען „מילעניומס״ אויסוועפּנדיקע.

ס׳האָט געמוזט זיין
אַן ערשטער אַראָפּ-שיין
אין דעם פינצטערן געדיכט —

צו דער כמאַרע,
איידער לייכט־סמנים אויסגעטראַכט,
איידער — טאָג און נאַכט...
אַז „ערפל" אָנגעקנוילט
אימהדיק צעגרוילט.

אין יענער צייט — ערד, אוזדרעכעט פון טשאַד,
האָט אין פלאַקערן זיך אויסגעטשוכעט,
אַ רויך־חושך אַרומגעיאָגט,
העפטיק צעצוואָגט, וואָלקן־ברוך־שלאַקסן,
ס'זאָלן שוואָמען זיך צעוואַקסן.

ס'האָט זיך אויסגעשיידט
האָריזאָנט פון גרונט,
תהום, — פון רוים,
פינצטערניש — פון „יהי־אור",
און „שרץ", אין וואַסער־זומפּ פאַרטרונקען,
זיך אָפּצוקילן,
האָט טיף, צום דנאָ, אַראָפּגעזונקען.

נאָך אַ זמן־פאַרלויף,
אַ לאַנג צעבושעווען
מיט ווערן און צעשטערן,
האָט זיך אַרויסגעהילט פון דער פאַרע
אַ מחבל־עוף,
זיך אַרויפגעריסן הויך,
די פלעדער־פליגל צעשפּרייט,
פייל פון בויגן געפלויגן

שטיקער וואָלקן אויסגעביסן,
און גאַנערדיק צעשריגן —
אויסגעשפּיגן.

זענען געפאַלן פון די לעכערדיקע שחקים
שרפים, אלפים,
וואָס האָבן שרפהדיק געשימפּט
און געדעמפּט דעם ווייַרויך פון דער ערד,
ווייט אויסגעטיילט
יבשה פון דערטרינקעניש,
אינדזל פון פאַרזינקעניש.
אין די „ימי־שש"
האָבן זיך ווידמונגען און פיש,
אין די מוטנע מקווה־געמישן
פון „אַלגאַע" *, גראָזן און שוואָם־דריזן,
אין אַ צעשוויים באַוויזן.
פון אָפּגרונט אַרויף האָט דער לוויתן זויערשטאָף
איינגעכליפּעט,
און אַ גרויסיאַשטשער, פון אַ וואַסערשלאַנג געביסן,
האָט מיט אַן אָטעמדיקן רויט —
אַרויסגעשיפּעט דעם טויט.

און איידער ס'האָט געשוועלבלט זיך די שוואַלב,
איז אויפגעשווימען פון די תהומות
אַ מאַנסטער מיט הידראַליקן געבריל —
אַ רעפּטיל פאַרשוויצט.

* „אַלגאַע" — ים־פּלאַנץ

פון די ווילד־געמויזעכצן האָט אַרויסגעיויכצט
ס׳האָרנדיקע קאַלב
פון די גרויס־בהמות
מיט אַ שנאָרכענדיקער נאָז,
אַ פּייכטע, פאָרכנדיק דעם מאָכיקן שימל —
האַלב שוואָם און האַלב גראָז,
ס׳אַרויסשפּראָצן פון פאָרנע היצן —
געמרוזשעט און געהירזשעט.

און ס׳איז געשען:
די פלאַם־זאַווייען פון דער ערד —
מיט קאָך צעשריגן,
איר טיף שוימיקם אויסגעשפּיגן,
אָפּגעקילט,
האָט געפורעמט דאָס ווערק פון טאָל און בערג.
גרינס און ביימער האָבן פון אונטן אַרויפגעהיטשעט
חיה־רע צעריטשעט, ווינט־געוואַלט,
טאָרנאַדאָס־האָרדעס האָבן זיך איינגעשטילט.

ס׳האָט ווילד געדזשונגלט וואַלד...
און הידראַ־קאָברע די נחשון־מוטער,
האָט שלאַנגיק געצינגלט,
געוויקלט זיך אַרום עץ־הדעת־שטאַם
און געהיסעט סם.

דער דרויסן האָט זיך געטבעט.
אויפן „הר־ההר", האָט דער שור־הבור געגרעוועט,
אויסגעפּאַשעט טויזנט בערג אין אַ טאָג.

און „רוח־אלוהים" איבער די וואַסערן צעשטורעמט,
האָט בלאָז־גייסטער געפורעמט,
זיי צעפליגלט און צעשפּילט;
אין די הוריות־וועלטן נישט־זיכטיק איינגענעכטיקט.

דורך געפלדיקן „מאראַק"
האָט דאָס אל־פייער־אויג אַראָפּגעקוקט
און אַ בת־קול האָט געזאָגט:
„זאָל די ערד געדייען" —
פון אָפּל־נאַכט אַרויס זאָל זון־ליכט...

און ס'האָט געטראָפן:
אין די דרויסנס צעדעמערט
האָט „אַדוישעם" אַרויסגערופן
די גבורה־אייזלען,
אָפּצוגריזשען די ברי־געוויקסן —
שטעכל־פּלאַקסן, שיכורנדיק
די „ארורה־ציגן",
וואָס גלי־צינד־פליגן
פון די כּף־הקלהם אַרויסגעשמיסן,
האָבן שטיקער לעבן פון זיי אויסגעביסן —
די ציץ־נאָפּלען צעמילכט;

און „שטן־אף" פון קדמון־שלאָף
אויסגעטשוכעט און צעדעכעט,
פון די „נידערן" אַרויסגעשטייגט —
האָט די פולע אייטערס אויסגעזייגט
און אַ הירזשענדיקער צעהילכט —

צוריק געבליוועט שוים
ארויף צום הימלישן באַזיץ —
אַ צעלהכעים-שפּריץ,
אַ ווידערשפּעניקטן קלעק אויף וויסטן העק.

ס׳איז געווען באַשערט
די השגחה זאָל האָבן אַ מענטש,
פון דער ערד —
צו דער וועלט, הייליק פרום,
אין גאָט-געשטאַלט אַרויסבאַגערט: —

אָן טויט, אָן דעת,
האָט די „תחתית-נחשון״,
דאָס מרשעת,
מיט צונגיק לשון
שאַרפן —
אויף אים אַ מורא אָנגעוואָרפן,
אַ מוח-צעטומל,
אימאַזשן פאַר׳רויכערטע אים געוויזן
מאָנסטער-אַפן אין זיין מוח באַשאַפן.

אין וואַסער-אָפּשיין האָט ער זיך דערזען אַליין —
אַ נעבעכדיקער שאָטן,
ציטערנדיק וואָך פאַר יעדן מינסטן שאָרך.

איז עס שטורעם-ווינט —
געוואָי פון וועלף און הינט —
וואָס ער הערט?
צי זעט ער איבערן פעלדזיקן שטיין

אין דעם פלאַקער אויפגיין
אַן עפּעס וואָס שרעקט, אַלע מאָל ווי איבערגעביטן?
און אויך דאָס נאַכט-ליכט אין דער פינצטער
אַ מוראדיקס אַרויסוועקט.
ער באַגערט די שטערן מזלות זאָלן ווערן —
אים פון שלעכטס אויסצוהיטן.

אויף דער ערד — ליימיק, שליימיק,
גראָזיק, האָזיק, בהמהדיק ווילד —
דערפילט ער זיך נישטיק קליין
אין גרוים-דרויסנדיקן הויל.
פון דער שלאַנג געהעצט,
צעריטשעט מיט זיין קול,
אַ וויי-געשטאַמל צום הימל.

ער דערשפּירט אונטער דער הויט
עפּעס פּוזשענדיק אין בלוט
און מיט די הענט אַרויף, כליפּענדיק טיף,
בעט ער אַ ניט שטראָף,
ביז ער ווערט אַנטשלאָפן
און דערפילט דעם ערשטן ברי, אָדער-גלי;
פון אַ זי, אַ צוצי,
אַ רייץ-חווה מיט תאווה אין זיין גוף איינגעביסן —
אין אַ נייעם דור זיך איבערצוגיסן,
דורך איר דורות אַרויסצורופן.

ס׳האָבן אייביק צייטן שטורמיק דורכגעיאָגט,
מיט מגיפה, שריפה, „ערופה-תקופה״, הויל-שרעק,

אַ חשכות, משחית, כרות און עבודה־זרות,
אַ דורכשלאַג פון פינצטערע טעג
אין אַ פייער־מהומה, אַ פלאַקער אין בלוט־געשריי,
הריסה, און מיתה,
אומקום, און אויפבליץ פון אַטאָם.

ער דינט — אין וואָך און אין חלום —
צום „מלא־כבודו"
(פון לוחות הברית),
צום „כריסטאָס", צו „אַללאַ" צו „בודאַ",
ער איז אָן אומרו צעפלויגן,
זוכט דעם קאָסמישן סוד
אין כל־עולם...
ער אַרבט הימל־ליכט,
צעטאַפּעט פּלאַנעטיש פאַרפרוירענע טייכן,
פאַרבט אוים טעג פון נעכט,
זוניקט די פינצטערניש,
פון שטראַל־געוועבן פעדעמט ער אוים דאָס לעבן,
באַפעלקערט די הימל־הויכן,
די לבנה־פעלדער צעבליט,
די וויסט־סעדער אירע באַפרוכפּערט מיט צוויט,
פאַר אים אַנטפּלעקן זיך אין רוים
די סודות־אלוהים.

צייט פון איינגיין קומט אָן.
די פייערקויל צאַנקט אוים
מיט איר נאַכט־שאָטנדיק ליכט.

ערד — פון וואסער־שוויים ווערט בּיסלעכווייז אויסגעוועפּט,
פון לופט און ווינטן אויסגעשעפּט,
צעדרויבלט, צעשטויבלט,
אַן טייך און קוואַל — אויסגעטריקנט פאַרן צעפאַל,
אַ פלאַקער פון אומצאָל־פאַרבן,
פאַרן גוססדיקן שטאַרבן.

און מענטש — פון ערגעץ הויך אַן אסטראַל
אַנגעטראָגן פאַרבליפּט — „אַ מאַדים־אָדם״,
זעט אַ פייער־טרוים איינגיין אין וויסטן־רוים,
שפּליטער פון געוועזן, זיין און הדלקה־שיין,
ווי צעפינקלטע שטערן, פאַרלאָשן ווערן.
אַ רויטער צעשפּיל, אַ וויכערנדיקע גיהנום־מיל,
שטראַלן אין אַ פינצטער־רויך פאַרפאַלן.
ער זעט די ערד אויפגיין אין אַ פלאַם־געוויין,
ער הערט דעם טויט־געבריל,
אַ זשומען און אומקום־ברומען.
אַן אימהדיקער אויפברויז, אַ רוישעניש צעגליט,
אַ פאַרביטערטער און אויפגעציטערטער
ווערט אים קיל.

ער דערשפּירט דעם אַנגעלויף פון סוף.
די נשמה לאָזט זיך אויס.
אין אים פאַרטריפט דאָס בּלוט.
אין דער גסיסהדיקער שקיעה
בּלינדלט, פינצטערט זיך זיין נעפּלדיקע ראיה,
באַגוועלטיקט פון אַן אייביקן שלאָף.
זון און ערד אין דער נאַכט —
צוויי צאַנקענדיקע ליכט.

# וועַנוס

וועַנוס האָט אַ ביינאַכט
זיך אין אַ חלום צו מיר געבראַכט
אויף אַ ציטער־סטענגע,
ווי אַ שפּין־געוועב פון לבנה־צעפּ
אַ זי־פאַנטאַזיע, נעאָנדיק צעהעלט,
מיט „מערקור"־האָר
ציטרין־גאָלד.

אַ קאָסמישע מויד, בתולה־טרוים,
פון הימלישן ים.
ווי „אוראַניום"־פונקען,
אויגן קאַלטלעך צעוווּנקען
מיט אַ טיפע ווייט־אומהיימלעכקייט.

אַ זי — בלישטשיק,
הויל שטראַל און זעל,
אין שלאָף
פאַרקניפּט מיך שטייף צו זיך,
מיט אַ נעפּטון־צווייט
און וואַנדלט מיט מיר
צו „מאַרס" און „סאַטורן"
וווּ געצן זיצן איינגעפרוירן.

װענום האָט בײַנאַכט,
זיך אין חלום צו מיר געבראַכט,
צעלויכטן װי אַן „אַראַראַ״-ליכט,
דרינגט צו מיר אַרײַן,
דורכן פֿענצטער,
מיט איר אַסטראַל-שײַן,
און הײבט מיך אויף, אַרויף-אַרויף,
אויף קאָמעט-פֿלעדערװײשן,
אין די צװישן-הימלען,
אין דעם אוניװערז-שױם,
פֿון ימי-בראשית.

# געזוכט דאָס ליכט...

פון דעם ציקל אינדיע — ניו־יאָרק

(נאָך טאַגאָר)

קרישנאַדאַס איז אַוועק כּלחוך,
אין אַ נעפּל־רויך,
מיט יונג־ברייטן שפּאַן
נאָך חלומדיקן פאַרבאַט,
זיך ניט אומצוקוקן אויף צוריק.

ער איז אַוועק
איבער טאָליקן וואַלד
צום אוצר־לאַנד,
ווו דער פּורפּור־שטרייף
אין האָריזאָנטיקן לויף
פאַרזיימט וואָלקן מיט ערד
און מאָרגנט אויס דעם בלענד
פון אויפשימערנדיקער זון
מיט אַ בלישטש פון גאָלד —
גלאַנץ אויף צעבלימטער פלאַנץ,
וואָס שיינט ווי אַ שטערן
טויאיק פאַרטרערט.
ער איז אַוועק קאַיאַר
זוכן דעם אויפבליסקענדיקן תוך,
דאָס ליכט פון מזל־זאַך.

שאַקונדראַ.

נאָר איינמאָל, אַמאָל,
אין בין־השמשות־טאָל,
אריינגעגנאַרט פון פאַרלאָפענער צייט,
גראָ אין יאָרן,
אין דעם דעמערנדיקן פאַרנאַכט,
שוין מיד געוואָרן —
האָבן, די נעכטנס אַרומגעזוכט,
אין אַ פאַרלוירענעם וועג,
אַ געשלענגלטן אָן אַן עק —
האָט ער זיך ווי צעוועקט, אומגעקוקט
און גאָר דערזען, אין מערב־זייט,
ביים ענדס ענד,
דעם זוניקן בלענד
אין הימל־פאַלד,
דעם ליכטיקן סוד,
דעם כישוף פון גאָלד,
דעם בלישטש פון בריליאַנט,
דעם גלאַנציקן אומקלאַנג
פון אָפגאַנג —
אין אַן אָנגעצונדענער מינוט...

שאַקונדראַ.

## געשעעניש ן

א כמאַרע
ציט זיך איבערן הימל —
אַ גראָע גבורה
מיט וואַסער און האָגל
אָנגעקליבן —
אַ שטורעם צונויפצויאָגן,
אַ זאַווערוכע אַראָפּצושלאָגן,
פֿילדערט מיט בליץ
און דונער־טומל
פֿון מזרח ביזן מערב־ברעג.

האָרך:
אין דער מעשה פֿון די טעג
טראָגט זיך דורך אַ מאָנאַרך
אין נאָמען פֿון דער קרוין,
צי אַזוי אַ ווילדער פֿאַרשוין,
מיטן גלויבן —
אילע וויטן דורכצורייטן.

די שווערד — געפאָכעט
איבער דער ערד,
די פֿעלקער צו פֿאַרקנעכטן,
און לאָזט נאָך זיך בלוטיק אַ שפּור

אין „דברי־הימים־בוך״:
אַ בייז וווּנדער
פֿאַר קינדס קינדער
אין די שולן...

און ס׳בלייבט ביים לעבן
אין די מאַרך־געוועבן
איינגעמאָלן
אַ רויטער פלעק פון שרעק,
אויף די לעפּצן אַ קללה
פֿאַר אים אויף דער וואָר,
וואָס האָט ווילד אויפגעריטן אַ בהלה
און פֿאַרשניטן
אַזוי פֿיל בלענדיקע יאָר...

# רייט אַרויס

רייט אַרויס אויף אַ צעפליגלט פערד,
סאָפּענדיק אין געלויף,
ס'זאָלן אַזש פונקען פליען
אונטער אים פון דער צעשטיינערטער ערד.

טראָג זיך, איידער ס'קרייעט דער האָן,
איבער פאַרצוימטע פלויטן —
ווו ס'בליט דער מאָן,
ס'גילדיקט זיך דער קימל,
ס'רויטלט זיך עפּל און באַר;
ווו שטראַלן־פעדעם וועבן דעם קאַיאַר,
אין מזרח זייט אין הימל.

און דאָרטן זאָג: אַהין, אַהין —
צום רויטן האָריזאָנט,
איז אויפן אייזל דער ניידע געריטן,
די באָבע איז, גאָט לויבנדיק,
אויף אירע תחינות געפאָרן.

אַזוי איז דער פאָטער געפלויגן,
איבער די הימלישע שנייען,
אין אַ דמיון־שליטן:
אַזוי האָט דער מאַמען נשמהדיק געצויגן
אין די מיידלישע יאָרן.

אַזוי, אַזוי, איר קינדס קינד,
יאָגט זיך, ווי אַ רוח,
טראָגט זיך, ווי דער ווינט,
אויף „ראַקעטן-פערד",
הויך, הויך, איבער דער צעוויגטער ערד,
ווי אַ פייער-שפּין
איינגעהילט אין אַ רויט
וואָלקן-רויכיקן טויט —
דערשלאָגט זיך צו דער לבנה און מאַרס,
אויפצוכאַפּן דעם בלישטש פון דער זון.

# אָן אַ היילונג

ניטאָ אַ היילונג
צו דער משוגעת-מורא אַ פּאַטאַלע,
אַרויסגעאימהט פון בליק.
אַ באַהאַרצטער שווער,
ציטערנדיק פון שרעק,
אין איינגעשושקעטן פאַרנאַכט
כ׳שטיי,
ווי פאַרן פּיסק-אויפרים
פון אַ רעפּטיל
אויף דער פינצטער-שוועל
פון כף-הקלע.

מייז-אימאַזשן
דעם מוח צעגריזשען.

איך פיל אַ דראָזש,
ווי אַן איינגעפרוירענער אַש
וואָלט זיך אין מיר צעשיטן.
כ׳פיל אַ זאַפּרענדיק שטעכן,
אַ גליווערן אין די בלוטן.

שדיכעס מיט געוויין
און אַ טויטלעכן סאָפּען
דעכען זיך אין מיר איין —
דעם אָטעם ניט צו כאַפּן.

איך זע דעם פינגער־רוף
פון אַ שטן־גאָט.

איך אַנטלויף
אַ פּאָר שפּאַן
אויף צוריק:

איך זע דעם שמייכל־שפּאָט
אין זיין קוק.

ניטאָ אַ היילונג צו דער מרה־שחורה,
אַרויסגעאימהט פון מיין בליק
ביים תהומיקן ברעג.

## לעבן — סוד

זון־פּאַליעס וואַכעדיקע,
קוים אויפגערירטע
אין אַ שטענדיקן וויבריר,
דמיונען אויס דאָס לעבן,
אויפגעבלעזעלט אין אַ טרוים
אין שאַרבן ווו
פון די מאַרך־געוועבן,
וואָס זויגן דעם נשמה־ברי
אַרויס פון דעם פליסיקן
אין די פאַרצווייגטע ריך־געפעסן
פון צאַפּלדיקן האַרץ.

ס׳ציטערט אויס דער „רוחני־עלעקסיר"
מיטן אָטעם־ריטעם פון די לונגן
אַ בענק־שמאַרץ איינגע׳רגע׳ט אין דער צייט
פון באַיאָרטע טעג,
וואָס צו די נעפּל־טיפן
שיפלען זיך אַוועק
ווייט, ווייט,
שיפלען זיך אַוועק
ווו די זון איז פאַרגאַנגען
און שלעפן מיט
אַ שטיק חיות אויסגעבריט.

## איינגעטליעטע זעל

איינגעטליעטע זעל
אין בין־השמשותדיקן פֿאַרבן־שפּיל,
געוויטיקט פֿון חרטה
אויף די תּאוות אויסגעבריטע.

ווי דער אויפֿשיין
פֿון אַן ערשט פֿאַרשאָטנדיקער בלום —
זון־שטראַלנדיק געגלעט
זאָל אויפֿגיין פּרום
דיין תּחנונדיקע תּפֿילה,
אַ געבעט
צאַרט — צאַנקענדיק שטיל,
דבֿקותדיק און התעוררותדיק פֿאַרטראַכט.

בענק נפֿשותדיק
צום הימל־ברעג
אָנגעצונדן רויט,
איידער ס׳טונקלען זיך איין
די שימער־רגעס פֿון פֿאַרנאַכט.

## צו וואָס ?

אור-מחשבה !
טרוימען !
אומענדלעכער ניט-אוים !
טיפע תהומען ! אָן ברעגן !
בלאָ-געוועלבטע אויבער-הויכן
מיט אָנגעצייכנטע אָרביטן
און אָן אַ צאָל פונקען-פליטער
אין דער פוסטעניש אַרומגעריטן —

צו וואָס די תוהו ?
ווייטע פינצטערניש ?
סוד וויסט, איינגעריסט,
ווו ס׳טוקן זיך אולטראַ-שטערן,
מעסטן מיט שטראַל דעם כּף-הקלע ?

לויט די טיף-באַגריפן
פון אדם-ברואים
די בני דורש
וואָס דמיונען
זיך גריבלען
און פאַרשן
דעם שם-המפורש
אויף ווייט צעשווימענע וועגן.

לויט דעם געדאַנק
און נר־נשמה־צאַנק —
אויפשיין פון מענטש,
וואָס פליגלט דורך די ווייט,
צווישן די געהויכטע ליכטלעך
פילט ער זיך אַליין,
און וויגט זיך ניט איין...

## ווי אַ...

1

ווי אַ וואַלדיקע ריטשקע
אַראָפּ באַרג,
פֿאַרצוימט, פֿאַרהאַטשעט,
מיט דאַמבעס און שטיינער,
יאָגט ווילד —
טרייבט און שטורעמט
דאָס מיליקע ראָד —
אַזוי פֿאַרפּלאָמט
אויסגעפּאַטשט.
שוימיקט די סלינע אַ ווייסע
צווישן יאַסלעס און ציינער
מיט האַסטיקער שנאה
אַ האַסיקער אָנלאָד.

2

ווי פֿון אַ וואַסער-לייב דער געבריל,
צעביסן פֿון וואַמפּירן —
כאָרכלט אויס זיין פֿאַרפּלאָסענע „נשימה"
אַרום אויסגוס פֿון ים,

אַזוי אין מיר גרילצט, שרייט
אין האַרץ-געשווירן
אַ דולע גריל,
גרוויליקט די נשמה
פֿול מיט סם.

3

ווי אַ דזשאַנגלדיקער וואַלד
פייערדיק אויפגעשריגן
מיט אַ פלאַקערדיקן העשען, —
וועלן ווינט צעוויגטע צווייגן ניט פאַרלעשן,
אַזוי אין מיר דאָס איינגעגאַלט
און שאַנדיקס איינגעשפּיגן
וועלן די רוי־שטראָמיקע בלוטן
ניט אַרויסוואַשן.

4

ווי אַ שפּין אויף אַ פּאַוויטינע־בריק
שפּינענדיק הין און צוריק
ווערט פאַרטייעט אין איר גאַנג
פון אַ זשומענדיקער בין —
אַזוי איך וועבנדיק די דמיון־שטריק,
ווער פאַרחושט,
דער רעיון צעדולט און צעמישט
און פיבערנדיק קראַנק —
פון אַ רוישנדיקן אומזין.

## צי לעסטער איך ניט?

באַפאַל איך דעם נוצרי (וואָס האָט אין שליחות געפּעלט)
ווי אַ צעפּעדערטער שפּאַרבער — אַ פֿאַדלע אין פעלד,
— הונגער צו שטילן מיט געבליבענעם ביסן
פון אַ בהמה, וואָס וועלף האָבן אויף שטיקער צעריסן
(ס׳זענען אויף ביינער גענוג פליאַקעס פאַרבליבן
פּאָר פייגל אין וואָלקנס פון ווילדקייט געטריבן).
באַפאַל איך מיט וואָרט-ברי דעם געצלמטן אין זיין רו,
צי לעסטער איך זיך מיט די רייד ניט אַליין —
ניט דעם פאַרשוויגענעם, אַן אויסגעהאַקטן פון שטיין?

צי בילן אין מיר ניט וואָיענדיקע הינט
אויף בלינדלעכן גלויבן — טריפנדיקע ווונד?
צי טראָגן זיך ניט אַרום, ווי אויף צעפלאָשעטע פערד,
די צווייפלען, וואָס האָבן אין מיר הלומות צעשטערט?
רעגנבויגן! גלימצער אין די אויגן!
אַ וואָרנונג גאָר פון פאַרמבולטע יאָר.

באַפאַל איך דעם קרייצלער ווי אַ זעער וואָס שעלט.
צי באַקללה איך ניט מיין אייגענע וועלט?
ווי ער, כ׳האָב געמאָלן רויזיק די הימלען,
וואָס ערגעץ ווו פוסטע אין די תוהום נאָך שימלען.
מיט מיין געוואָי ווי פון וועלף אַרום גולם-משיח
ברענג איך דען אַ הילף צו די ווונדן אין זיך?
און זיין זאָל, מיין ווילד ברי-געשריי,
ווי פון צעשמאָלצענעם בליי.
אַרט דען דער עבודה-זרה, צו איר צלמדיק געדינט,
די וועלט מיט איר בייז געשוואָלענער זינד?

אַרט דען אַ זי־בער
אָנגעשיכורט פֿאַרציגיינערט,
פֿאַרשטיינערט
צי אירע יונגע, ערגעץ אין אַ וואַלד־נעץ,
אין די לאַפּעס פֿון ווילד־קעץ?
אַרט דען מיינע רייד שטומפּ־מעסערדיק געשינדט,
ווי אָפּגעריסענע פֿון קייט, צעהאַווקעטע הינט,
מיט אימה אין די בלוטן,
וואָס בילן אויף די שוועלן פֿון זונהס וואָס זיי היטן?...

ווי פֿון ממזרים הימלאָז, וואָס אויף די מיסטן ווי ליגן,
זענען די ספקותן אין מיר אַזוי צעשריגן.
וואָס שפּאַרבער איך יענעמס אייביקע ווונד,
אַז אין מיר זענען די פֿייערן שייטעריש צעצינדט?

# אין פלי

ווייט פון געטומל
זעט אַן אָדלער פון דער הויך
אין זיין פלאַטער־פלי
אויפגיין אַ שטאָט אין פלאַם און אין רויך
אַרויף צום הימל.

הייבט ער זיך אויף אַרויף העכער צעפליגלט
איבער וואָלקן פאַרסאַזשעטע שוואַרץ,
איילט זיך צו זיין זי —
אויסצופויגלען פון קלאַפּענדיק האַרץ
דעם ווײ וואָס דאָס אויג האָט אין זיך אַריינגעשפּיגלט.

לאָז,ווינט־וויכער דאָס צעטראָגן
אין נעסט צווישן די פאַרפּלאָנטערטע צווייגן אין
וואַלדיקן בוים,
און אילע פאַרפרי
זאָלן אויפגעוועקטע פון נאַכטיקן טרוים
דאָס מיט פאַרדרוס
אין אַ טשוויטשער באַקלאָגן.
און דער, מיט אָנגעשפּיצטן געהער,
זאָל דערפילן אין געזאַנג
פון דער טרילערייַ
אַ וועלט אין אונטערגאַנג.

אילע מיטנאַכט: — ווי אַ נאָכגעדאַכט
וועלן געהיימע פינגער
ערגעץ אויסצימבלען אויף אַ האַרף,

רומפּלען אויף אַ פּידל
אַן אָנוואָרף פון אַ זינגער — אַזאַ נשמה־לידל
ווענן אַ סאָווע פון לעבן מיד,
וואָס טרויערט אוים
אין אַ וויינענדיקן ליד:
אַ מיידלישן אויפציטער
אין אַ קאָשמאַרישן שלאָף,
געשטאַלטנדיק אַ גזלן־ריטער
טוענדיק מיט איר רייטן צו ווילד־וואַלד ווייטן
מיט אַ תהומישן ברעג
אַרויפשטשירענדיק אַ פינצטער־שרעק,
אַ ליליתשע נאָכקלאָגן.
די ווי טויבן אָפּגעהיטע
וואָס מקריבֿן זיך
פאַר אַ שולד־קרבן —
איבערפרייפלענדיק זייער זינד
פאַרן שטאַרבן,
קניענדיק צום הייליקן בילד,
ווען אין זיי בילן נאָך
צעווילדעוועטע הינט פון דער פייער־שחיטה
אין מוח פאַרכמאַרעט מיט רויך.

# אַ מנחה־שטימונג

אין גאָרטן־בײמן אײנגעטרעטן,
װיאַנען די סאַמעט־בלומען
אין אַן אײנגעשאַטירטן דעמער־גלאַנץ.
פון אַ פאַרבלאָזענעם זאָמען איז אויפגעקומען
װאַלדיק װילד די װאַנדער־פלאַנץ
מיט אַן עיפּוש־צװײט צעבליט
פאַרן װאַלד
װוּ ס'װעלקט אַ פאַרגעס־מיך־ניט
טריקנט דאָס האָניק־בלימל,
די געלע טשיטשעלקע, אַ פאַרבלאָנדזשעטע פון פעלד.

צװישן די װילדגראָז־געװיקסן
איז אַ פײער־רויז אויסגעװאַקסן
רויט צעשײנט, װי מיט בלוט צעװײנט,
אַקעגן אָראַנזש־הימל
צעגליט פון דער גסיסהדיקער זון,
װאָס פאַרבראָט מיט זיך די צײט, אײנגעציטערט
אין שױם פון בין־השמשות.
װוּ די ליכטעלעכן פאַרבליִען,
די טונקלעלעכן ציִען אַן
און פאַרשאָטענען די בײמער
מיט שטן־סודות,
שושקען אײן טויזנט שרעקן
אין שדים אויף משופּע־לײטערס
צו פּוסטע בײדעס
— אין אַ נאַכט אָן לבנה און שטערן
אַן אימה אויפצוװעקן

אין איינגעפינצטערטן שומר
מיט אַ פֿאַרלאָשענעם לאַמטערן,
וואָס באַוואַכט ווייט פֿון אַ הויז
אַ פּוסט פֿאַרלאָזענעם שלאָס,
ווו ליכטער ניט שיינען
און קעץ שוואַרצע באַוויינען
און באַיאָמערן
אַ פּרינצעסין
ביז אין די תכריכים פֿאַרזעסן.

# שאלות

װעלכע מחשבות פֿון די מוח־שױבערן
דאַרף איך אַרױסטרײַבערן
פֿון די געהירן, אױסקריסטאַליזירן
אין ענד פֿון פֿאַרנאַכט — צו האָבן אַרױסגעטראַכט
פֿון די זין־געװעבן דעם אָפּלױף־סוף פֿון צעציטערט לעבן.
רעיונות — חוצונות, װאָס ציען צום הױכן דאָרטן —
די װײַט אָנװורפֿן?

װיפֿיל ליכט־יאָרן אין די אזורן
װעל איך דאַרפֿן
אין רױם איבערװאַרטן,
אױסצושײַדן דעם גן־עדן
שכינהדיק און כלי־זמר־סטרונעדיק
מיט כל־המינים ניגונים
דאָרטן פֿאַר דער מלכות־ספֿירה נאָך מײַן פּטירה?

מיך אַרױסגערופֿן האָסטו,
פֿון אַ װײַטן װוּ,
אױפֿגעװועקט פֿון אַ דרימל
פּחדיק, אחדיק, — מחילהדיק, תּפֿילהדיק,
מיט אַ גלי אין געמיט
און אַ חיי־שעה־אומרו אין פֿיבערדיקן בלוט.

איצט װי פֿיאװקיש אױסגעזױגן
טראָג איך אָפּ מיטן פֿאַרגלאָץ פֿון די אױגן
זיך אַלײן, װי אַ שעפּס אין װילד־װאָלף־צײַן
צו סנדלפֿון אַ קרבן צוגעװאָרפֿן.

כ׳האָב געטאָן זוכן אין דעם טיף־הויכן דרינען
במחשבה זיך אין דיר צו געפינען,
געטאָן רייטן אויף די פּריספּעס פון צייטן
ווי אַ קינד מיט אַ פול־שמייכלענדיקער זעל
רונד אַרום־און־אַרום אין דמיונדיקן קאַרוסעל.

ווי אַן אויסגעדונערטער בליץ, אויף הבלדיקן שאַרף־שפּיץ,
כ׳בין פייל־אויס־בויגן ווייט פאַרפלויגן.
אין אַ נישטיקן דאָרט כ׳וואָרט
איינגעדאַרט אַצינד, בלינד,
גע׳ספּקהט, פאַרדבקהט,
ווי אַ ציטערדיקער טרוס, אויף וואָס?
אַז ס׳וועט אויבן, דורך די הימל־שויבן,
אַ ציטער־שיין פון אַ שרף־כרוב
מיך פאַרצערן —
וואָס וועט זיין?

אַז אין דער ווייטקייט — דורכשלאָגן
ווי אַ שטראַל וועט מיין זעל
אַ שטערן — ווערן,
וואָס וועט זיין?
וועט זי איינוויגן זיך אין אַ רו?

און אַז, אַריינגליען זיך אין דיר
וועט די צעשראָקענע אין מיר —
וואָס וועט זיין?

כ׳טראָג אָפּ מיין לעבן
בלוטיק קויטיק דיר צוריק אָפּצוגעבן.

ווּ, אין אַרומפּלי, איז דיך צו געפינען?
אין האַרץ פון די זונען?
אויף וואָגל־וועגן — אין פייער־האָגל־בלענדיקן רעגן?
אין אַ מבול פאַרגאָס אַריבערן קאָסמאָס?
ווי לאַנג דעם כל־עולם־רייסטער דורכקוקן
דאַרף איך אין זיך?
באַנעמען דעם גאָט־גייסט מיט שכל־בליקן,
וואָס באַלויכטן די הימלען?

וויפל מאָל מיטן ספק־רעיון און מיט דער שולד פון אַ קין,
דאַרף איך זיניק וועבן אַרוים פון לעבן
נשמה־זי — דיר אַצינד אַ שטן קינד?
נשמה־זי — אַליין באַשאַפן און ווי אַ קויל אַריינגעטראָפן
טריפענדיק־שוואַרץ אין ציטערדיקן האַרץ?

ווי לאַנג, אין דרויסן,
וועסטו מיך דעם זקן
לאָזן וואַרטן ביים גאָרטן גרויסן —
מיטן עץ־הדעת אָן אַ תיקון?
וואָרן ערגעץ האָט מען מיר צוגעזאָגט
ווּ ס׳גילדיקן די שעהן אַ ליכטיקן חלום
און די אייביקייט אַ זריחהדיקע טאָגט...

פּאָוויאַטינע פליגן
שפינען צווייפל־רעיונות
אָן אומגלויבן — די מאַרך־וואָלקנדיקע „הבל־געוועבן"...

די נאַכט-פונקען
וואָס אין הימל הענגען,
שליחותן זיי פון זיך האָפענונג-שטראַלן
ליכט-טרייסט דעם געפאַלענעם צו ברענגען,
צי נאָר אויסן זענען צו באַלייכטן די שטחים
סודוסדיקע דרכים,
אַ שטראַל-גאווה צו הייבן
אויף די פאַרשלומפּערטע וועגן פון דיין גאַנג
מיט זייער קאַניצדיקן צאַנק?
אָן עק, אָן ברעג,
אין די ווייטע רוימען רויע גרויע
הבלות, נעפּל-שאלות...

כ׳שוועב ווי אין אַ פאַררויכטן זין-געוועב
אַליין אָן אַ שאָטן-שכן, דיך אויפצוזוכן
און פרעגן:
פאַרוואָס קאָמפּליצירט האָסטו אַריינגעשיפרירט
אין מיר אַ נייגער
צו דיר פורכטיקן?

דער געדאַנק-בליץ שרפהט דורך מיין מאָרך
און לאָזט אין חלל הויל, אַ גרויל,
ווי צווייפלען ווינטלען דורך אין אַ שטורעם-צוג
עברדיק אַוועק, מיט שפּורן פון אָנפאַנג-יאָרן,
אויפגעלויכטן און אין נעכטן-השכות איינגעפלאָכטן.

אויף אַ נפש־סטרונע טוט זיך צימבלען
באַנג, אַן קלאַנג,
אַ ציטער־תחינה פון דער נשמה
בעתן חלום, טראַגנדיק זיך אויף פליגלען
אין זיך איינצושפּיגלען דעם כל־עולם
אָן סוף, אָן עק,
אין פּייניקדיקע ליידן,
שענקענדיק זיך אַוועק
צום טרוים פון גן־עדן
פאַרשנדיק
דיין זיו־כבוד אין דעם עולם ועד.

אָ, האַר!
אין אַן אויפגעהויב פון דעם תחתון־שטויב
מיט עגמית־רים זוך איך דיך: —
אין די פייערן וואָס ברענען זיך איין מיט זייער שיין
אין בלאָ־צעשפּרייט פון אייביקייט,
— טוען זיך אויסבלענדן,
און ווידער אָנצינדן
אין אַן אש־קדושה,
וואָס טוט פאַרצערן דעם בלישטש פון די שטערן
ווינקנדיקע, גוססדיקע אין די נעכט.
מיט פרעג־וואָסן איינגענעפּלט געדיכט
אין הוילן דרויסן
שלאָג איך אויף ווי ברען־עולות מיינע שאלות
מיט דאַמף־רויכעס אויף די האַרץ־מזבחות
און פרעג, פרעג,
אַ צעשפּאַנטער איבער דעם אומגעלומפּערטן וועג.

# דער ווידערהילך

אויפגעוועקט פון שלאָף — דיר דאַכט:
פאַר דער ראיה פון די אויגן
שווינדלט אַן אימה פון דער נאַכט.

דאָס שווייגן, פיאַװוקעס שוואַרצע זייגן.
דיין בלוט איז פיבעריש צעשפּילט.
וואַרף אַ מלבוש אויף זיך, גיך,
און איינגעהילט אייל אַרוים פון הויז
אויף פעלדיק גראָז,
באַזילבערט מיט אַ ראָסע — נאַסע,
און שריי אויס
און הער אין פינצטערניש דעם עכאָ
וויסטיק צו ווייט געטראָגן,
און פוסטיק הויל שנעל פון בערג צוריק געשלאָגן
אַ ווידערגעהילך,
ווי פון אַ שד אין וואַלד
אַ תהומיק טיף צוריקרוף.

ווי אַ געוואָי פון וועלף —
ווי הינט ווילד צעבילט
אויף דער לבנה — פאַרהוכט מיט געלזוכט.

אַ צוריקרוף צו דיר אַליין,
אַ געוויין וואָס דאָס האַרץ פאַרקלעמט
און ס'ווערט דיר פרעמד
דער פולם וואָס שלאָגט, קלאַפּט,
מיט אַ מסוכן טיקען.

און מער, מער אין יענער מינוט,
ווערט צעקאָכט דאָס בלוט,
שנעל שנעל אין די אָדערן רינט.
פאַר די אויגן אַ בלענד —
ווערסט באַלייכט
פון דער לבנה
טויטלעך געל.
אין שפּעטער שעה
מיט שרעק, ווי פון זינען,
ווען ס׳מעלה-גרהן לילית-קי,
און שדים מעלקן אוים אַ וואָלקן
אַן אימה-בהמה —
טוסטו אַ שטיק לעבן
פּחדיק פאַרשפּינען.

# אין דעמער־שעה

ווען בין השמשות דעמערט איין דעם שימער
פון דער שקיעה
שטראַליק צעפלאָכטן —
ציפּ איך,
מענטשלעכע בריאה,
אַרוים פון זיך,
ווי אַ פּאַפּוגע אַ פּוך־פּעדערל
אַ רויטס —
אַלע מינוט — ווי פון בלוט —
אַ פלאַקער — אָדערל,
אַ זעל־פאַרסטריגע
פעדעמדיק צו פאַרוועבן נפש־זיך
אין קאַניץ־קנויט פון לעבן,
מיט די לעצטע טראָפּן איינגעשוואַמט
פאַרשיכורט און צעפלאַמט
די נשמהדיקע פאַרנאַכטן.

איך, חיותדיק משוגע, דזשוויגע
דורך אין מאַרך
דאָס סוף זיין,
דעם כישוף־פייער
פון אויסגיין.

אין געוואַקל שאָקל איך זיך
ווי אַ שטריק-גייער
הין און הער
אויף אַן אומקריק-בריק
פֿורפֿורדיק באַלאַכטן
ביים עק ברעג —
עק-ברעג
מיט פֿאַטאַלער שרעק.

# מכשפהיש

די מכשפה שפּאַלט אַן איי אויף העלפטן צוויי
אַריין אין אַ שעלעכל
און דערזעט אין מיט-נאַכט שפּעט
דורך די שפּאַקולן
אין ווייסלדיקן צעריז
אין מיטן געלעכל
אַ קליינעם בלוטס טראָפּן
און צעבייזערט, מיט אַ כראָפּעז און סאָפּעז,
אויסגלאָצנדיק אויג-שרעקן
לויפט זי אַלע שפּאַרונעם פאַרשטעקן.

מאר-מא-רי — וואַראָזשעט זי —
אויפגיין כ׳זע: —
פון הינטער אַן איינגעפאַלענעם פּלויט
אַ רוח ניט מורא-האָבנדיק פאַרן טויט
פייערצונגען אין זיך שלינגען.

פון ערדס טיפן און שפּאַלטן
כיתות-שדים באַהאַלטן
קריכן אַרויס,
זיך צעוויגן ווי ציגן
מיט בערד,
מעקען פּחד אַרויסצווועקן
משחיתדיק צעקייכט.

אַזוי זיכערלעך דערזעט זי
נאָך מיט-נאַכט שפּעט
הינטער לאָדן פֿאַרמאַכט
אין דעם פּיצל בלוטס-טראָפּן
אין דרויסן לאַפּיטוטן
קויליקע שוואַרץ
הירזשענדיקע צעלאַכט
אין מעפּיסטישע מינוטן
צאַפּן דאָס רויט
פֿון צעבראָכענעם האַרץ.

# זויג אויס

זויג אויס ס׳חשכות וואָס פינצטערט, מאָנסטערט,
מיר אין די אויגן
זעל מרה־שחורה.

די שקיעה איבערן ים אפילו —
הימל און וואַסער־פלאַם
הייליק פאַרן פאַרנאַכט
פינקלדיק און שימערירנדיק צעבלענדט —
טונקלט אין מיין ראיה.

אַרום די וויע־לעדלעך
טאַנצן „אַפּל״־רעדלעך.

איז אַ ווונדער
וואָס ביי קינדער אין די קוק־אַפּלען
כ׳זע חושך־שדלעך צאַפּלען?

אין דער שפּראָצונג פאַרן הויז
כ׳מערק
אין קנאָספּ פון דער רויז
אין בלי פון דער ליליע, אין בלום געל און רויט —
וויאָנע־וויאל פון טויט.

איז אַ ווונדער —
ווו איך גיי און שטיי אַצינדער
שטאַרצט, שוואַרצט,
סאַזשעט, מאַזשעט,
בלינדלט, שווינדלט?

האַר דו נוראדיקער
וואָס צעבלישטשעט די זון
פון אייביק אָן!
מיט דיין שיין זויג אוים
צו לויטער העל
די שוואַרצע הוריות פון דער זעל,
וואָס איז פאַרהוכט אָן ליכט
מיט אַ שרעקן־געפריר
געאָפּלט, איינגענאַדעט
אין די טיפענישן אין מיר,
מיט דעם בליסק־סוד פון אַ שטראַל
ליכטיק זי אָן,
בלענצל אוים דעם פּחד —
גאָט! אחד!

## דער אַנגסטלער

קללה־רייד
און אַ טאַרבע־נויט
טראָגט דער „ווידראַדיק" איינער
(הויט און ביינער)
אויסגעכאַוועט פאַרן טויט.

אַ „סטראַשידלע" — פייגל אָפּצושרעקן,
מתים אויפצוּוועקן
מיטן געוויין,
פון די ווּנדן
צעבינדן לויז, שטעקט אַרויס
דער פּיין.

אויגן־לעכער איינגעזונקען,
טרערן־בעכער אויסגעטרונקען.

בלינד, מיט פיבער אָנגעצונדן,
ר'טאַפּט מיט די הענט די חושך־ווענט.

אויף דער וועלט —
נאָך דער מאַמען וואָס האָט אים אויסגעטראָגן,
געזייגט און אויף די פיס געשטעלט —
וועט ער קיינמאָל ניט אַ קדיש זאָגן.

# מיין שנאה

מיין שנאה איצט
איז פון אַ וואַסער־שרץ די סלינע
אַרויסגעשפּריצט;
מיין פאַרדרוס
איז ווי פון אַן אָקריפּ דער איבערפלוס
צעזידט און צעבריט.

אַלע שפּיזלען פון דער זון
זאָלן זיך שטעכן אין אויג
פון דעם מטורפדיקן טריבון,
ווען זיי ניט קענען אַרויסשטראַליקן די נאַכט,
וואָס מיין וויטריאָליקער לויג
וואָלט אין אים צו בלינד געמאַכט...

מיין גאַל — אַ ים פון סם —
וואָלט אים געקאָנט פאַרטרענקען:
די שנאה מיינע —
איז אַ שפּיי־וואָרט אין אַ זונה —
איז מיט אַ שאַנד־שטיפט
אַ שימף־שריפט
אָנגעשריבן צום געדענקען.

## דער גוסס

ס'איבערגעזאַלצענע בלוט,
וואָס ריזלט קוים אונטער דער הויט
פֿון דעם וואַרלאָז אַלטיטשקן
צעפּיבערט מיט אַ ברען:
אַ בלאָ־בראַנדיקער רויט
אַ ניט פֿילטרירטער, ניט אָקסידירטער
אין שלאַבריקער לונג —
אַ צעאָטעמטע קורץ
איז פֿון נאָיענדיקן האַרץ,
וואָס קוים פּולסירט —
און שאַרפֿע ווייטיקן שפּירט —
סימן אָנזאָג פֿון טויט.

ניט אימת מיתה
ליגט אין גוסס גסיסה:

וואָס מער דאָס פֿייערל אין די אויגן
ווערט וואַלקנדיק פֿאַרצויגן,
צעשפּילט זיך אויף זיין געזיכט
דער שאָטן פֿון אַ הקדישדיקן ליכט
רויכעדיק צעטאַנצט,
ווי מיט אַ שכינה פֿלעמל
גן־עדנדיק צעגלאַנצט.

## ס׳האָט אויסגעדאַכט

— האָט אויסגעדאַכט מיר?
כ׳פאַרנעם אַ שאָרך,
ס׳עפנט זיך די טיר,
עמעץ דערנענטערט זיך
אין שפּעטער שעה
ביינאַכט?...

איך דערשפּיר
אין דער מינוט ס׳בלוט
אָפּגעשטעלט —
אַ שווידערדיקע קעלט.

האָט געטאָן ווער אַ דעך?
דאָס אויער אָנגעשפּיצט
הערט, דאָס אויג זעט:
מיט שטילן טראָט האָט
ווער איינגעהילט דורכגעשלייכט,
און מיט אַ פינגער פון דער האַנט
חושכדיק צעטריפט,
געצייכנט אויף דער וואַנט
אין אַ שאָטן־שריפט —
עפּיס גיך, גיך,
קוליק שוואַרץ,
ניט דורכצולייענען —
און אויפגעשראָקן מיך,
פאַרצאַפּלט דאָס האַרץ,
דערהערנדיק פּלוצלינג
קעץ זיך צעווייגען.

## היט מיר די טריט

האָר
פון צעברויזטע דרויסנס —
היט מיר די טריט
ניט געשטרויכלט צו ווערן
מיט צער —
אין דער אייגענער שטוב,
אויפן גלייכן וועג,
אויף אַ קרום-פאַלשן שטעג,
פאַר אַ געגראָבענעם גרוב —
בעט איך מיט טרערן...

היט, היט מיינע טריט,
פאַר אונטערפּיסיקן שטיין,
פאַרן שטן-שיין —
פאַרפירעריש ליכט, באַנאַכט,
אַן אוצר וואָס בלענדט,
אַ פלעמל וואָס נאַרט
און פאַר דער פינצטערניש וואָס שפּאַרט.

היט ס'נפש וואָס איז אין זינד...

היט מיך, היט,
ווען אויף הייסע קוילן
כ'שטעל מיינע טריט
אַן וויסן —
מיט אַ ווונד —
צעקוועלט און איבערפולט,
פון אַ האַרץ צעריסן.

היט מיך, היט,
היט מיינע טריט,
פלאָנטערנדיקע,
אין אַ ווילדגעוויקס,
אָנטריפנדיק בלוט —
גאָט!

# אַז מ׳וועט דיך פרעגן

אַז מ׳וועט דיך פרעגן:
פון וואַנען נעמט זיך דער קדמון־יסוד,
דער שורש פון לעבן,
דער „יש־מאין״? —
ענטפער, זאָג:
ס׳איז כביכולס אַ באַהאַלטענער סוד,
אַ מחשבה־אלוהים:
ער איז אין אַטאָם,
אין אָטעם,
אין פלאַם, אין גבורה,
אין תוך,
אין דרך־הטבע,
אין געוויכער פון ווינט
און אין גוגערן פון קינד.

אין אַ מאָלעקיול זיין פון באַגין,
אין אור־דרויב, צייט־שטויב, מיקראָב,
פון די מעשה־מרכבה.

אין די וואַסער־גאַזן,
אין גרינס פון גראָזן.

אין אַ בלישטש פון אַ שטראַל,
אין געלויף אָן אַ סוף.

אין שטורעם פון די תוהום,
אין די זוימען פון פינצטערניש,
אין שטערן־ווונק,
אין גליפליג־פונק,
אין ברען פון דער תאווה,
אין נצח־סודותדיקן צעשווים.

אין אור־וואָר איבערן כל־עולם,
אין ניצוץ פון חלום,
איז רוח־אלוהים —
סוד, סוד, איינגעהילט
אין שלייערן פון גאָט.

# אַ ל י י ן

כ'פיל זיך אַמאָל איינזאַם אַליין,
ווי אַ מעווע איבערן שטורעמדיקן ים,
ווי אַ „נאָוויטנע"־טויב
אויף אַ פענצטער־געזימס,
מיט איר קוק אין אַ נאַכטיק־פּראָסטיקער שויב,
ווי אַ שאָטן־שיין
פון אַ ליכט אין דער פינצטער ווו אָנגעצונדן,
ווי אַ שוויפּטש פון ווינט צו גאָר נישט צוגעבונדן.

אַמאָל פילט זיך פרעמד די זעל אין אייגן לייב,
דאָס העפט, אויף וואָס איך שרייב,
דאָס אות פון דער פען אַרויס,
די געדאַנקען־פונקען.
אַמאָל — ווי אַ פויגל אין אַן אָסיענדיקן וואַלד,
מיט די לעצטע טענער צעטרילט,
עלנדיקע קרעלנדיקע.

כ'פיל זיך אַמאָל פאַרקלעמט, איינגעשעמט,
ווי די קאַלט־לבנהדיקע שטראַלן
אויף בלעטער־האַרבסטיקע פון ביימער געפאַלן.

כ'פיל, ווי די נאַכט־וואַנדלערין
אין די חושך־הימלען —
אַ שוועבנדיקע איינצוואַמלען
אירע פינקל־פּליטער זיבן
אין וויסטער־ווייטקייט, יחידיק איבערגעבליבן.

איך פיל, ווי די פול-חודשדיקע זי,
אָפּשפּיגלענדיק זיך קאָסמישער לאָמפּ
אין אַ כּישוף-זומפּ,
ווי אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער בליאַסק
פֿון אַ שטערנדל
אין אַ פֿאַרגלעזערטן טייך,
איינגעדרימלט אין אַ טרוים,
געוועקט פֿון אַ פּלוצעמדיקן פֿישל-בריסק —
דערפֿילנדיק זיך,
ווייט, ווייט פֿון דער שימערדיקער היים...

# ק י נ ד

קינד, אויף פּאָלעם פון ווינט לאָמיר רייטן
איבערן פעלד,
וווּ ס׳מיויקען קעץ,
האָווקען הינט, יללהן שאַקאַלן איבער פּאַדלעס געפאַלן,
וווּ קראָ קראַקעט איבערן דרויב פון אַ פאַרצוקטער טויב.

אויף די פּעבערס פון ווינט לאָמיר רייטן,
אַנטרעפן שד־מערק פון צעהרובטע שטעט,
אַ פלאַם־פּלעק, צערויכערט מיט שרעק.

איבער טויט־בייטן לאָמיר רייטן אין וויסטונג־סאַד,
וווּ ס׳ליגן איינגעשוויגן
שופרס שברים,
צעפּנקסטער רייסטער,
ספרים־קברים,
תורה אין אירע גייסטער,
איינגעזאַמלטע צו גאָט.

לאָמיר שיפּרירן און רעקאָרדירן
פּאַר לייטן:
„הדלקה״ — און „צעקה״
„צווחה״ און „עמק־הבכא״.

קום אָדלערדיק פֿליגלען
אין שטורעם —
איבערן ערדן־פּיסק
איבער טייכן כוואַליענדיק אָנגעשוואָלן מיט געפּליעסק
אין אַ זון־צערינ.

מיט רויך פֿאַרצייכענען לאָמיר אין דער הויך
די יללה איבער בערג צעשריגן,
וואָס פֿאַרבט זיך אַ פֿאַרטאָג,
שטאַרבט אַ פֿאַרנאַכט,
גרויסער ליגן
פֿאַרפֿלוכט אין אַ פֿייער־אָטעם אויסגעהויכט.

# שוין געטראָפֿן

ס'האָט געטראָפֿן
אין צייטן לאַנגסטיקע אַמאָל:
כ'פֿלעג אַוועקלויפֿן אין יענע טעג
קלעטערן אויף די בערג
פֿון די בעסקידן,
— הויערן איבער די פֿעלדזן־טיפֿן
ווו דער באַגין איז פֿאַרקריצט
אין היעראָגליפֿן פֿון שטורעמס אויסגעשליפֿן,
ווו דער אָדלער זיצט,
צופּט די פֿעדערן,
פֿאַרניודעט פֿון צייט
דערנאָך ער פֿלאַטערט אויף,
שרייט און שרייט,
טראָגט זיך, יאָגט זיך —
די כמאַרעס דורכצושלאָגן.

כ'הער זיין ווידערקול
אויפֿציטערן.

ווינט אין די שטיין־שפּאַלטן
זיך צעוויטערן.

פֿייפֿנדיקע יללות,
אַרויפֿגעריסענע אור־שאלות.

ס'האָט געטראָפֿן
אין צייטן לאַנגסטיקע אַמאָל:
כ'פֿלעג אַוועקלויפֿן אין יענע טעג,
קלעטערן איבער בערג און טאָל,
הויערן איבערן פֿעלדזן־שפּאַלט
ביז צום צעפֿינקלען פֿון די שטערן
און הערן, הערן,
דאָס וואָיען פֿונעם ווינט
מיט אַ ווידערקול, וואָס טראָגט זיך לאַנג,
האַקט זיך אָפּ אין וואַלד,
שלאָפֿט איין, און אַ נייער שטורעמט אָן...
איך הייב דעם קאָפּ נאָך און נאָך אַ מאָל
צו די פֿאָספֿאָר־ליכטער וווּנדערדיק צעשיינט
און פֿרעג די ווייטע הויכעניש, פֿרעג:
פֿאַרוואָס איז דאָס בראשיתדיקע צעוויינט
מיט אַן אומרו־קול,
שדי'דיק צעשטורעמט,
און ציטערט אויף מיט סווישטש
אין מיין פּרימיטיוו פֿלאַטערנדיקער זעל
אין טויזנט מוראס
איינגעטורעמט?

## דאָס איינגעוויינטע ליד

אַלע פייגל זאָלן טשוויטשערדיקע טרילן,
ווירטואָז־פידלען מ׳זאָל צעשפּילן,
גיטאַרעס זאָלן אויסציטערן
אַ געזאַנג פון סטרונע,
פלייט־פייפיאָלן מ׳זאָל צעבלאָזן,
און דאָס אינזעקט טשירפּען אין די גראָזן —
וועלן ניט דערהויבן דאָס געמיט,
די זעל צעפלאַטערן: —
ניט אַרויסברענגען
דאָס איינגעוויינטע ליד
פון מאַמעס מאַמע,
פאַרוויגט אין מיר
אין אַ נגינה,
אין בלוט און אין דער נשמה,
וואָס בענקט זיך אייביק אויס
צאַנקט, און זינגט זיך ניט אַרויס.

אַפילו אין אַ תפילה,
ווי דער בעל־שם צעדאַוונט
אין אַ פעלד —
כ׳שטיי אין אַ פאַרן־אָוונט
התבדדותדיק פאַרטראַכט
אַקעגן איינגעזינקטער וועלט
אַקעגן, צעפלעמעלטער שקיעה
גרויס ליכטעניש צעהעלט,
און זע
דאָס איינדעמערן פון דער נאַכט,
און פיל זיך, אַ נפש־פאַרדבקהטער אַליין,
מיט אַ ווייט צווישן שאָטן
פאַר מיר און דעם אָפּשיין...

# מיין פאָטער־געשטאַלט

באַוויזן האָט ער זיך צו מיר אין חלום
אויף מיין סכנה־רוף
מיט באַנומענע קולות
אין האַלדז פאַרשטיקט — צו אָטעמען קוים —
ווען אַ שלאַנג האָט מיין דראַזשענדיק לייב
מיט אַ קאַלטער צונג געלעקט.

געשטאַלטיקט האָט ער זיך
אין דעם אויגנבליק
אין בגדים אָפּגעריסענע,
ווי ער וואָלט געשטאַנען
מיט זיין טרערן־קוק אויסגערינען
פאַרשעמט, אָפּגענאַרט,
פאַר די שערי־שמים פאַרשלאָסענע,
פערציק־מדבר־יאָר מיד געוואַרט.

כ׳האָב געמיינט:
נאָך זיין פּטירה
האָט מען די טויערן געעפנט ברייט,
שופר געבלאָזן,
שטראַל־גראָזן און לבנה־בלומען, פּנו־דרכּדיק געשפּרייט
צו באַלייכטן דעם וועג —
ווען מיט פּעקל־צער און זאָרג און מצווה־זאַק,
ער איז פון איבער דעם פּריסליפּ־באַרג *
פון עולם התחתון אָנגעקומען.

---

* בית־עולם

כ'האָב תמיד געטראַכט:
די „ידיד־נפש"־זמירה,
ביי וועלכער ער איז אַ שבת־צו־נאַכט, פאַרן צינדן ליכט,
אין דער פינצטער אויסגעגאַנגען —
האָט מען אים מיט שטערן אַקעגנגעזינגען.

כ'האָב געמיינט:
אַז נאָך פון ווייט, ווייט,
האָט די שטול וואָס ר'האָט זיך אָנגעגרייט
אים אַקעגנגעשיינט.

אויף מיין ווילד־אַנגסטיקן רוף,
פון די בלאָע הויכן אויפגעשראָקן,
ווי פון אַ שאָטן־לאַנד
האָט ער זיך באַוויזן —
אין וואָגל־בגדים צעריסענע
צעבראָכן, אַלט, אָפּגעלאָזן,
טרייסלענדיק זיך אין גוף
און מיט אַ ביינערדיקער האַנט — צעוויגט,
אויסגעשטרעקט —
פון ביידן חלום מיך אויפצוּוועקן.

## ס׳פליט אַ ייד

ס׳פליט אַ ייד
אונטער די וואָלקנס
אויף פאַווע-פליגל
אין אַ חלום-לאַנד:
מיט אַנשאַטנדיקן וואַלד,
טוי-פינקלדיקן פעלד,
גילדענע בערג —
צו אַ שטאָט מיט ווייסע טויבן,
צו אַ היים מיט זון אין די שויבן,
צו זיין צעהוידעט וויגל,
צום איינגעליולעטן ליד.

ער פליגלט, פליט:
צו ברויטן-פעלדער מיט ליכטיקע גאַרבן,
צו אַ סאָד מיט פייגן
אויף שורשענדיקע צווייגן,
געל שמעקענדיקע מאַראַנצן
אויף פילבלעטערדיקן בוים,
אַן אתרוג, אַ לימענע,
אַ בלאָ-צייטיקע פלוים...

אַ גן-עדן ווו זומערס בליען —
אונטער לולב-שאָטן זיך אויסצורוען.

ער פליט צום לאַנד
פון ראָזשינקעס און מאַנדלען,
ווו מאַמעס שפּינדלען
די זוניקע פלאַקסן
און וווּנק־פּיאָלקעס אַרום די „פּריספּעס"
מיט באָקסערן־בוים צעוואַקסן
ער פליגלט און פליגלט:
צו אַ וועלט ווו פייגל זינגען,
שושנהס טאַנצן
אויף בלישטשענדיקן פעלד,
ווינטמילן מאָלן,
קלעזמער שפּילן,
שטראַלן זיך פלעכטן.

נאָר אונטן, ווייט אונטן, אין וואָלקנדיקן וועג,
ווינטלט אים נאָך דער נעכטן,
שלענגלען אים נאָך
אויסגעלאָשענע טעג,
אָפּגעשלאָגענע הושענהס —
דער דלות אין זיבן פּאָלעס.

## אומרו דו

אומרו דו!
לאָז זיך קאַפּטשען פאַר דיר, אַ בלאַנדזשענדיק ליכט
אין דיין וואָגלעניש —
ערגעץ ווו אין די פינצטער-הויפן, חרוב-סופן
קיינמאָל ניט באַלויכטן, און ווו דער שאָטן ווייכט
און לאָזט מיך גיין אַליין —
פעלן, פאַלן, איבער שטרויכל-שוועלן —
ווו איך טו זוכן
מיט אַ נשמה פאַרפרווירענער — אוצרות פאַרלוירענע.

אומרו דו!
לאָז זיך קאַפּטשען פאַרן געזיכט
פאַרוים אַ שאַטירנדיקער אויפבלישטש,
ווי פון אַ פאַרגעסענעם יאָרצייט אַ ביינאַכט,
וואָס האָט פון אַ שטוב, טריב
יתומדיק אַרויסגעצאַנקט...

זאָל דער בליאַסק טאַפּן אַ וועג
פאַר די באָרוועס-טריט, מיד
פון ליימיק קנעטן די בלאָטע,
ווו מיט אַנגסטן-גלאָץ כ׳שפּאָטע,
צווישן שימל-פּלאַנץ, שוועמל-מיט-בלאָטער-קרעץ
כ׳פּלאָנטער זיך און פאַל.

זאָל דער בלענד זײַן,
ווי פֿון אַ לבֿנה־שטראַל,
העל־געל —
אַ גלגול־שאָטן,
צו פֿאַרגלעטן
דאָס נאַכט־ציטערניש
אין דער שפּעטער שעה.

— דער בלאָנדזשע־גלאַנץ
זײַן זאָל אַן אָפּשײַן
אויף דעם אָנשעפּ
פֿון די טשערבענע טעפּ, אָנגעפּולט פֿון אַ קוואַל,
פֿאַר די דורשטיקע ליפּן,
וואָס אין חושך זיפּן
דאָס ביטערניש אוים
פֿון דעם גרויסן פֿינצטער־כּוס —
אָנצושיכּורן די זעל,
אָנצושיכּורן די זעל.

## גיי אויף, מיין תפילה

גיי־אויף, כליפּ,
און ציטער פון מיין ליפּ —
הייליק־טיף געשעפּטש
פון דער זעל איבערפולטער.

ווער דערהערט,
ווי די גלגול־ניגונים
אין די השמשות־זמנים,
שקיעותדיק צעשפּילטע.

פון מיין בוזעם
אָטעם זיך אויף
אין אַ ניט געערדט געבעט —
אַריבער דער תוהו פון רקיע,
תפיסות אָן עטער,
וועלטן פון שטן־געטער —
צום „מאַקראָקאָסם"
ווייט פון דער ערד.

טראָג זיך אויפגעלויכטן,
ווי די געטלעכע השקפה —
אַריבער די אָנגעצונדענע פאַרנאַכטן,
ווען דער קדוש־כרוב
מיט אַ שאַרלאַך־שאָרך
פלאַטערט דורך
דעם מערב־וואָלקנדיקן רויט
מיט אַ יוצר־יצירה־סוד.

זיפץ אויף, האַרץ,
לשמה,
צום דאָרט,
ווו דער טאָג ווערט אויסגעוועפּט;
עולה זיך אויף
— אָן וואָרט
אין אַ תחנון־יעלה
פון דער שטומער נשמה
מיט די זונפאַרבן פאַרכאַפּט,
אַ פייער־שיין אין שימערנדיקן פאַרגיין,
איינגעצאַנקט און אויסגעבענקט
אין די דעמערדיקע שעהען,
אַ זיך לעשן אין די געהיימענישן
פון גאָט —
— הללויה.

## מ׳זאָל קענען

כליפּ אין בלוט,
צער־אָנקוועל אין זעל!

כאָטש רוף אַ זינגער מיט ציטער־פינגער
אויסשפּילן כוואַליענדיקע געפילן
אויף אַ שטראַלן־לירע,
אַ זוהר־געזאַנג,
צו ווערן באַרוט.

מ׳זאָל קענען פאַרברענען פון זכרון
דעם היינט און נעכטן,
און זוניק דעם מאָרגן פלעכטן,
קרוינען אונדזערע קעפּ
אויף די שטאַפּל־טרעפּ
צו די מיראַזש־פּאַלאַצן
מיט די פינקל־שפּריצן,
איינגעבלענצט אין אַ בלאָ־בלאָ גליקן־רו.

מ׳זאָל קענען דעם עבר פאַרגעסן,
שפּאַנען אין דעם ליכטלעכן דרויסן,
וועבן אַ שכינהדיק לעבן,
ווערן נאָענט צו די שטערן,
זיין באַקליידט מיט אייביקייט,
באַזעלט מיט אַ ציף ציף־טריל
איינגעשטילט
פון אַ פידל־שפּיל,
פון אַ ציטער קלאַנג,
טראָגן אין זיך דעם שיין
אין דויערדיקן גאַנג.

## מײַן שאָטן

כ'האָב זיך פֿאַרסאָפּעט אָפּגעשטעלט
פֿון לױפֿן אױפֿגערעגט
אָטעמדיק קורץ,
פֿאַרכאַפּט פֿון פּראָסטיקער קעלט,
ס'צעבאָכקעט האַרץ געטאַפּט
און דאָס שאָטנדיקע געפֿרעגט:
װאָס טשאַטעװעסטו מיר נאָך?
האָבן די „צל־אָבות"
אַ שומר דיך געמאַכט,
װאָס טרעטסט געהיט אין די נאָך מיר טריט?

די אַנגסט־מחשבות
מײַנע — אימאַזשן אַזױנע —
קװעלן מיך
מיט אַן אומרו: אין דער פֿינצטער־שעה
װען איך װאַך —
שרעקן אױך דיך
די אימה־שדלעך
דמיונדיק פֿאַרטראַכט?
ביסטו אױף
און ציילסט, די דופּק־שלאָג אין בלוט
מיר, װען איך שלאָף,
די רגעס זעכציק אין אַ מינוט,
װאָס זײגערן זיך אַרױס
פֿון די זשאַװער־רעדלעך
אין דער פּוסטעניש פֿון הױז?

אין מיינע לויפנדיקע טעג
זוניקע פאַרגעלט,
אין די צעזילבערטע נעכט,
פאַרטונקלסטו מיין וועג.

פאַרויס גערוחט,
צי נאָך מיר הינטן, נאָך גע׳זיך׳ט
שאָטנסט אָפּ אויף יעדן שריט
אויך מיין געמיט —
פון קינדווייז אָן
אַ ניט צעשיינטער.

ניט אויסצומיידן דיך
קרוב נאָענטער, נאָך־שפּיאָן,
ניט אָפּצושיידן פון זיך ערוב־רוח,
וואָס טונקלסט אַרויס צו וועלט
פון מיר דאָס וואָלקנדיקע —
אַ גראָנעפּלעניש — צעמיש,
וואָס דאָס ליכט פאַרשטעלט.

## קריעה־ריס

באָרד אין די ציין פֿאַרביסן
קרוע־בלוע, אָפּגעשליסן: —
אַן איינגעבויגענער ער טרעט
איבער וויסט פֿאַרריסטע הויפֿן
זוכט אַ גאַסטהויז מיט צעפֿאַלענע ווענט,
ווו אבלהש לויפֿן אַן
מתים אַן טליתים,
צעוואַכט
פֿאַרשוויגענע,
פֿון קברים אויסגעשפּיגענע
אין פֿינצטערער נאַכט.
יאָגן אַרום
לייב־צעריסן דאָס נפש אויסצוגיסן:
סם׳יק אָנגעזאַפּט.

איז דאָ רחמים ביי אימעצן אַ שמיץ
צו ווערן פֿאַרכאַפּט
און פֿרעגן:
ווּהין אויף די אומקום־וועגן,
מסוכן קראַנק, מאַרך־צעבריט, ציט דעם ייד?
ווו שפּאַנט ער איבער קויליקע שטעט
און ווייזט מיט דער האַנט פֿאַרטאָג, ווי אָדום־רויט
די וועלט איז איינגעשפּיגלט
אין אַ טייך —
דאָרט ווו די וואָלקן טובלען זיך
און פֿון ווו די זון גייט אויף
אין דער הויך

פון וואַסער־נעפּל
אַרויסגעמפּלט
און ווו ס׳באָדט זיך, ווי אין בלוט צעשווימענעם,
אַ ווייט בלישטשענדיקער דער טויט?

באָרד אין די ציין פֿאַרביסן
אָפּגעשליסן — זקנדיק גראָ —
איז ער צעשפּאַנט — איבער וויסטע שטעט
אָן איין און אויס —
זוכט: אַ מקום־קדוש מיט אַ נר־תמיד,
אַ טשאַפּקענדיקן כיור,
אַ טל־ומטר אויף דער וואַנט,
אָן איבערזאָגנדיקן שיעור
צעוויטיקט איבער דער קלויז —
אַ שטיל־איינגעוויגטע רו.

## קענסט טרעפן

קענסט טרעפן
אין טלית און אין קיטל
אַ ייד אומלויפן אין אויסגעשרפהטער גאַס,
ווי אַן עובר בטל,
אַרום אַ פאַרקוילטער קלויז,
פאַרווילדיקט מיט גראָז.
די אויגן נאַס — מיט צער דורכגענומען
צו דער „רויטער נעילה"
וואָלקנדיק אויסגעשפרייט
אין אַ פייער-שרעק אויבן איבער דער וועלט.

און ער טוט אין האַרץ על-חטא זיך שלאָגן
מיט אַ פויסטנדיקער האַנט
און דערזעט, און דערהערט,
ווי ווייט, אַוועק,
וווּ דער הימל איז צעברענט —
שוואַרצע סאָראָקעס קראַקען אויס
אַ תענית-תפילה,
אַ יעלה-שרעק,
איבער אַ קברות-פעלד
זיך פליגלדיק אַרומגעטראָגן,
פאַבענדיקע,
ווי איבער אויסגעברענטע יום-כיפור-טעג
אין מערב-ברעג.

# דעמערונג

אין אַ וואָלקן־וויע
שרפהט פּורפּורדיק אַן אויג
איבערן ים —
אַ האָריזאָנטישע שקיעה
איידער זי לעשט זיך אוים
אין וואַסער־שוים.

האַרץ אין אַ בלוטן־שטורץ!
ווי שניי
אין אַן אויסגעהייצטן אויוון —
מיט מיין אָטעם־קורץ
כ׳צעגיי.

ווי אַ ליכט־ציילן־שטויב
צו דער הייך —
שיעף אין געהויב
בלענדיק רייך —
טראָג איך זיך צום אור־מאור
מיט אַ לויב־געזאַנג.

כ׳פּאַרצער זיך ווי אַ קרבן
הייליק־קראַנק
אין די פייער־פּאַרבן
ערב־אומקום,

ערב-פינצטערניש,
וואָס הילט איין אויך מיך,
רגעווייז:
אין דער פליטער-צייט
איצט.

אַרויסזיפּצנדיק אַ געבעט
מיט די ציטערדיקע לעפצן
פון דער טיף,
פולסנדיק היים —
ווייס איך, כ'ווייס
דאָס איז אַ מינוט
איינגעסודעט אין בלוט,
וואָס היילקט איין
דעם שם — אַדוישעם.

# פאַסטאָראַל

פרי אויף
אין דער ריטשקע קילער,
וואָס פאַלט הער, פון דער הייך אין טאָל
באָד איך אוים דעם אויגן שלאָף,
וואַש די הענט
און הער אַ תפילה
טשוויטשערן אין וואַלד.

פון אַ זוויער * האָפּקען אַרוים
שאָטן-רוחעלעך
און טאַנצן זיך אוים,
דרימל-שוועמלעך שפּראָצן אויף,
מאָרגן-בלימלעך זיך צעבליען,
ציען צו זיך פליגן צו.

אַ פאַסטעך פייפט,
אַ הערזל שרעקעוודיק לויפט,
אַ גלעקל קלינגט —
ס'איז שחרית-רו.
אַ קאָזע-באָרד-צעציגלט
טרינקט פון דער אָזערע
דאָס גאָלדן-ליכט
אַראָפּגעשפּיגלט
פון דער זון.

---

* אַ טיפער שפּאַלט צווישן בערג

שטראַל־שרעטלעך
פלאַטערן אַריין
אין וואַסערן־שיין
אַ זילבער־חלום,
אַ ציטער־קיום,
טבעס זומער־סיום,
אַ פאַרבלענדיק בלענד.

# אַ געזאַנג

ס׳גייט אויף
ווי אַן עולה,
אין די נשמה-פייערן
פון די אָבות איינגעגליט, אין מיין בלוט,
אַ תפילה מיינע
צום לאַנד
פון „תנ״ך״ — תהלים, מגילות,
שערי-ציונס, חצות,
און פון סידורס שמונה-עשרה
אַרויסגעשעפּטשעט פון דורות הארץ-ווונדן,
אין די חבלי-משיח געבונדן.

ווי אַן עולה
צום לאַנד
פון הייליק אַשיקע שטויבן,
ווי דער פעניקס אַרויסגעהויבן,
פעכענדיק צעפליט,
פלאַטערט אויף מיין ליד.

מיט אויגן פאַרטרערט,
ווי דורך אַ שקיעה שויב,
כ׳קוק פון אַ ווייטן מהלך —
זע דיך אַרויס פון פאַרמעט און פאַפּיר,
אויף דער מאַפּע פון דער וועלט
צוריק אין אַ שטיק ערד
אוועקגעשטעלט.
ציטערט אויף אין מיר
אַ ידיד-נפש-לויב,
אַן אָב הרחמן-שיר —
אָ, שדי-אל פון ישראל!

## קום מחדש זיין דאָס ליכט

קום
מחדש זיין דאָס ליכט
צעפינקלט גרוים
אויסגליענדיק דעם טאָג
מיט שטראַלן־שיין,
— זאַפנדיק איין
די שעה, די מינוט,
און רויטלט איין דאָס בלוט,
צעבלישטשעט דעם טוי
אין גראָז,
די בלום, די רויז —
אַ שיר פון גאָלד־קאָליר,
אַן אויבערוווּנק!
אַ להבה, וואָס בחנט די טבע,
דעם וואַלד־שאָטן מיט בליסק,
אַ סוד צעפלוידערט
דורך ווינטל־רויש,
בלעטער־שורש,
פויגל־טריל,
נשמה־לשון —
אַ געפלאַטער
איבער אַלץ צעפליגלט
„אַ זיו־זוהר" גרוים
אויסגעשפיגלט,
וואָס פאַרצייכנט
אין חיי־שעה
אַ העלע פרייד

פאַרשפּינט אין צייט.
קום
מחדש זיין דאָס ליכט,
וואָס גליט דעם טאָג אַרויס
מיט אַ בלענדיקן שיין
טיף אין דער טבע אריין,
אַ גאָט־סוד,
וואָס שימערט
נשמהט —
פינקלענדיק גרויס.

## ווער איז ער?

א

ווער איז ער,
וואָס אים גלוסט מיט די פינגער
צו טאָן אַ פּייף —
אַרויפגעשריגן
צו די שערי־שמים,
ווו דער קטיגור איז ניט פאַרשוויגן?

אים גלוסט,
ווי דעם „פּאַסטעך־למד־וואָוו"
מיט זיין שוויפּטש,
עפענען די טויערן
פאַר די בלאָנדזשענדיקע שאָף.

ב

ווער איז ער,
וואָס טראָגט זיך אין דער נאַכט
אין אַ וואָלקן־וואָגן?
מיט אַ פאַקל אין דער האַנט
פליט ער צו דער לוויה
פון אַן „איש חסיד היה",
וואָס האָט פאַרפייניקט זיין פלייש
טעג פאַסטנדיק
צום „מאורי־האש"
זוכנדיק
דעם ניצוץ־היים
אין דער פינצטערניש
מיט אַ פיבערנדיקן זינען —
און ניט געפונען,
ניט געפונען...

## איידער איך שטאַרב

איידער איך שטאַרב,
בעט איך, כ׳בעט
מיט האַרצן שווער:
גיב מיר מיט,
האַר,
בעת דער גסיסה,
אַ שמיץ־ליכט
אין די אויגן.
דאָס דרויבל שיין —
אין מיין פאַרפרוירענער טרער
פון מיין חושכדיקן גלימצער־גלאָץ
טויט־פאַרהויכטן,
וועט מיר אַ לאַמטערן זיין,
ווי אַ לבנה־שאָטן פאַר מיר וואַכן,
מיין וויסטן גאַנג באַלייכטן,
אין דער תוהו
אַ מנוחה אָפּצווזוכן.
און אַז דער טראָפּן צער
וועט פריער פאַרגליען
אין דעם פייערדיקן זשאר
און איך וועל אין וועג
טאַפּן בלינד —
לאָז איבער אַ האָפענונג אין מיר כאָטש טליען,
אַז מיך ניט בייסן וועלן,
ווערעמדיקע ספקות־הינט,
— איידער איך קום צום גן־עדן צו
צו געפינען רו —
איך בעט ניט מער,
האַר.

## נוראימדיק

מן־המיצר רוף
פון קעל אַרויס —
שופר־בלאָז,
אָטעם — קורץ
פון צאַפּלענדיקן האַרץ,
אַ שברים־שטורם
פחדיק, איינגעיחידט.
מיט אַ שפלה
אין זיך איינגעציטערט
אין אַ תפילה —
אַן אויפוועק פון פאַרטייעטער שרעק
אין נפש,
אין וויגענדיקן גוף,
אין בלוט וואָס דופקט צעטריפט
פון דורות „לבבות"
אַ צערדיקע פאַרטיפטע מורא
פון זיידעס גערישהט...
ס'איז אַ דממה־אימה,
אַ שטומפּיקע לייד, וואָס שניידט,
— אַ זינדיקע וווּנד,
אַ רויט געפּאַלמעסטע
מיט דעם מעסער־שאַרף פון טויט
אין שטן־האַנט.

אין טאָג פון תרועה
פלאַטערט דאָס האַרץ מיט יראה,
ווי אַ יום־כיפור־ליכט
וואָס פאַרציטערט
אין אַ רויט־קראַנקן צאַנק,
ווי די שקיעה
ביי דער נעילה־תפילה.

# ס׳טרעפט

כ׳ווער געטראָגן
(אין דעמער־ליכט)
אויף כוואַליעס פון געזאַנג,
אויף ווינטל־וועלן
פון תקיעה,
אויף צעוויגטן גלעקער־קלאַנג,
אין אַ צווישן טאָג און נאַכט.

איך שוועב
אויף פידל און אָרגל־מעלאָדיען: —
אויף נגינה פון זיען —
באַסן, טענאָרן,
און געמישטע כאָרן שטילע —
צו אַ זילבער־טייך
פלעסקענדיק צעבליסקעט,
ווו שטראַלן ווערן
איינגעציטערט —
אין אַ בין־השמשות־טבילה.

כ׳פלאַטער
אויף וואָלקן־פאַליעס
בלייך זון־באַלויכטן,
פון אַ שלאָפעניש דערוואַכט.
און ווער פאַרכישופט
פון די אַקאָרדן —
ערגעצדיק אַרויסקלאַווירט
— מיט אַ נאָכלויף־קלאַנג,

וואָס כוואַליעט זיך אַוועק
צו אַ ווייטן ברעג,
ווו ס'צינדן זיך די שטערן,
און איך, מיט אַ בליק פֿייכט
און אַ האַרץ אַ שווערן,
בענק נאָך —
בענק
נאָך דעם בין־השמשותדיקן פֿאַרשיין —
דימענדיק אַליין
דימענדיק אַליין.

## שרייב אַריין מיט נשמה־כתב

שטייענדיק אין פעלד
שרייב אַריין מיט נשמה־כתב
דיין געוויין און געזאַנג
אין רקיע פון דער וועלט:
דעם פינקל פון אַ טראָפּן־טוי,
פון דער רויז דעם גערוך,
פון די געל־בלימלעך דעם שאַרפן דעך,
דעם פּלוידער פון דער זאַנג,
דאָס זשומיק מיענען פון דער בין,
דאָס ריטשקע־געמורמל,
ס׳נעזלען גראָז פון אַ האָז,
ס׳אַרומקריכן פון אַ ווערעמל —
די צעדאַוונטע מנחה
אין די לופטן צעפלויגן...

שרייב אריין דעם זון־פאַרגענגלעכן טראָף צעשיינט —
אַ צעוויקלטן פאַר די אויגן,
אַ באַהאַרצטע שירה
יראהדיק פאַרפרומט —
ניט אויף אַ לירע
באַגלייט צו זינגען
פאַר אַ בעטלערישן גראָשן —
אַ ליד אַ לויכטנדיקס
וואָס ווערט אויסגעלאָשן.

די הדלקה פון פאַרגיין...

שרייב אַריין אין אַ פּיוט־כּתב
אַ פאַרגאַף
אין דמיון־פאַרטראַכט —
וועגן אַ פאַרנאַכט
פון אילע ווינקלען אַרוים,
וואָס זעצט זיך אין דער גליענדיקער שוים
איינצושושקען אַ סוד —
פאַרשרייב
דאָס אַרומוויינטלען פון אַ קדושה,
וואָס לאַשטשעט
דעם פויגל שטיל צעפּישטשעט,
דאָס צעפלאַמטע נפשות...
אין בלישטשענדיקן שיין
רוח — זוהר פון גאָט...

## דער לעצטער ייד

זאָל פאַרשריבּן ווערן
מיט בלוט און טרערן
אויף דער ראַטהויז־וואַנט
(פון דיר מיין שטאָט).
מיט ציטער־האַנט
זאָל פאַרצייכנט זיין
פון אַ גריפל־שטיפט, אין אַ טויטן־שריפט
אויף מצבה אין מיטן־ראָד.

זאָל זיין, אַרויסגעטיפט
פון האַרץ מיט גיפט און גאַל פאַרטריפט
וועגן דיין לעצטן ייד
אַן אָנגעשרייב
וואָס זיין גוייש ווייב האָט אויסגעהיט
פון מאַסן־מאָרד.
און שוין אונטער דער „רויטער פאָן"
אין גן־עדן דאָרט
אין פאַרגיין פון זון
בעת קלויסטער־קלאַנגען,
זיך אויפגעהאָנגען
מיט אַן אַרויסגעשטעלטע צונג
צום גלאָקן־קלינג,
צום פלאַם־פאַרזינק
אין רויטער וואָלקן־קריעה
אַ זיך פאַרלענדט
קעגן בלישטשע־בלענד
אַ טויט צעצינדטער, וואָס אימהט אָדומט...

זאָל זיין דאָס נאָכגעקריצט
אַ וויי־קלאָג
אַ יעדן טאָג אַריינגעבליצט
אין צווינטער
אויף זיין שבר־קבר
ביים זון־אָפּגיין מיט שוואַכן שיין: — „אַ פאַרנאַכט, פייער־ליכט״!
אַ גרוים־געהייליקט
פאַר אַלץ פאַרטיליקט,
אַ שמיה־רבא
פון אויבן באַוויליקט.

מיט ליפּ־פאַרבים און נשמה־רים
זאָל פאַרשריבן ווערן
אויף ראָטהויז־וואַנט
מיט גיפטן־שטיפט אין ציטער־האַנט
אין אַ טויטן־שריפט
פון בלוט — און טרערן:
„תם ונשלם״ —
אין פלאַקער־שורות
אַ ניט־סוד פאַר מענטש און גאָט
ווי מיט שטראַל אַריין געשיינט
אַ געוויין —
צו זיין געלייענט
אות־אות לדורות.

## טו אָן דאָס טויטן־קלייד

טו אָן דאָס טויטן־קלייד
מאָיליק דורכגעפוילט,
מיט צעפּלאַצטע נעט,
פון דער אָפּגאַנג־צייט
אַ דורכגעווייקטע רויט
— און גיי אַרויס, גולמדיק ווי אַ שד
מיט אַ מייליקן שפּאַן און בלוטיקן טראָט
פון צעשלאָגענע פיס,
און נאָכשאָטענען זאָלן דיר מיאוס
די פאַרשאָלטענע טעג
וואָלקנדיקע בלינד,
אָדם־רויך צעקראָכענע,
צוריקגעיאָגטע פון ווינט.

און הייב אויף הגבה־גלילהדיק
צעשפּרייט אין די הענט די וועלט־שרפהדיקע שריפט,
ווידער איבערגעטראַכט און נאָך אַמאָל געליינט
מיט אַן אימהדיקער שרעק,
ברענענדיקן צער אין ביטערדיקן קוק.
און ווער געטריבן פון דיין קעציש לעבן
אַרום דער ערד,
יאָג נאָך ווי א רוח דעם וואָס רייט, געשטורעמט ווייט,
מוראדיק פרום מיט אַן אויסגעשטרעקטער שווערד.

און זאָל דיין פּאַרע פון מויל, דער דעך,
אים אַריבעריאָגן, פאַרנעפּלען זיין בליק
און מיט אַנגסטן באַשלאָגן,
און ווי אַ הונט סאָפּענדיק מיט אַן אַרויסגעוואָרפענער צונג
זאָל ער קדחתן זיך פאַרקללהט, צעהוליעט מיט משוגעתן.

גיי אַרויס ווילד, אין אַ תכריכים־קלייד,
דורכגעוועבט מיט דער ווערעמדיקער צייט.
און ווי אַ גולם־שד וואָגל מיט אַ פאַרצײנערטן געבים
און אַ בלוטיקן טראָט,
אַ טריף פון צעשלאָגענע פיס
אַ פינצטערניש, שאָטענען נאָך זיך,
און טראָג אַ שטורקאַץ צעברענט
די באַשריבענע שריפה, צעשטרעקט אין די הענט,
וואָס דושנעט די לופט.
אָטעם איין דעם רויכיקן גיפט און בלאָז צוריק דעם טשאַד
דורך מויל און נאָז,
און לאָז ער וואַקלענדיק לעשן דאָס „באַזשע מאַטקע"־ליכט,
דאָס פרום־לבנהדיקס, וואָס בלאָנדזשעט ביינאַכט
שטיל ווי אין שלאָף
מיט מיד־דרימלדיקע בליקן —
די בייזע חלומות ניט צו וועקן.

# וועלכער דיבוק?

וועלכער דיבוק צענעגעלט שארף
נשמה און הארץ
אין אַ משוגענעם אַרומוואַרף
אַלדעם בייז אין מיר פאַרטראַכט?

דמיונט אוים ווי אַ וויסטונג שוואַרץ
אַ פאַרפינצטערונג ווי נאָך אַ שלאַכט,
— אויפּרויענדיק דאָס בלוט,
גליט אָן דעם אָדער
טיפּט אַ שנים.
לאָז איך טריף אויף יעדן אָרט
נאָך מיינע טריט
ווו איך גיי און ווו איך קום.
אין מיר מעסערט זיך
רויט־וואַסערט זיך אַ וווּנד
ניט פאַרבינדט,
וואָס טראָגט אין זיך דעם ריח פון אַ רוח...

סע וויאָנעט בלום — די צינטער־רויז —
אין גאָרטן־בייט אַרום מיין הויז.

ס'צאַנקט אַ צאַנקעניש די זעל —
קיינער טרעט ניט אַריבער
די פאַרוואַקסענע שוועל.

די זון וואָס פּענצטערט זיך אַמאָל אַריין
אין שטוב —
די שאָטנס קוויטיק-טריב
לעשן זי איין.

וועלכער דיבוק שיכורט מיך
מיט טערנע-טרויבען
איינגעזייערט אין מיר,
צעשוימט ווי ביר?

כ׳שלאָג אַליין פון נשמה-שטיין
די ביטער-קוואַלן פון געוויין.

## אין חרוב־שטאָט

אין חרוב־שטאָט — שטאָק בלינד,
אין עק, ביים סאַמע ברעג
פון „שדים־סאַד"
מיט „טערפּקע" פּרוכט
עפּל, באַרן,
פּאַר רוח־געשפּענסטער איינצוביסן,
וואָס ווייסן ווי דעם טויט פון אַ פאַרגלאָצטן אויג
אַרויסצושפּאַרן —
לויפט ווילד פאַרפלוכט,
אַ זי אַרום,
ווי פון אַ שלאַנג געביסן.
ס'קלייד צעריסן,
מיט בלויזע בריסט ווי אַן אַם
דאָס לעצטע ביסל סם
ניט אויסגעזייגט.

לויפט אַרום מיט אַ קוויטש, הויל מורא,
ווי פון אַ קליפּה באַזעסן,
צירקלט אַרום אַ בוים־שטאַם ניט פאַרצווייגט
פּויליק דורכגעפרעסן,

אַ פּעסט, נעסט, פּאַר שטשור און מויז,
אַן אויסגעהוילטע פּייפל פאַרן ווינט,
וואָס בלאָזט די נשמה אַרויס
מיט מרה־שחורה.

זי — אין פגר־סאַד
אַ לעצט געבליבענע, אַרומגעטריבענע,
ווי „אַ קדשה", פון דער שטאָט,
מיט אַ רויטן שראַם אויפן שטערן,
אויגן אַרויסגעגלאָצט —
אָן טרערן,
גליאיק, אויסגעברענט,
און ווי „געדזשוויגעט" אַ קינד
אין באַנומענע הענט
אַרויס פון אַ פלאַם, זיך געראַטעוועט קוים —
צירקלט זי אַרום דעם בוים
אויסגעהוילט, דורכגעפוילט,
טויטלעך אָנגעגרייפט פון אַלדי רוחות
ווינטיק אויסגעפייפט
אין שדים־סאַד,
מיט ביטער־פּרוכט
אויף גיפטיקע בלעטער —
אין עק, ביים סאַמע ברעג,
פון חרוב־שטאָט
אויף אַן אייביק אייביקייט פאַרפלוכט —
פון שטן און בית־עולם־געטער...

# קסאַנטיפּע

ווי אַ שוואַרצע קאַץ
אין אַ הקדש־הויז
צעוואַכט,
מיט אויגן קאַרע
גרין צעבליצט,
שאַרף דאָס געהער,
אָנגעשפּיצט
שפּעט ביינאַכט
צו יעדן שאָרך
צאָן־געקראַץ
און גריזש אין לאָך
פון שטשור און מויז,
איז האָרביק גרייט
מיט נעגל־ציל
צום שפּיל
מיטן שרעק. —

אַזוי דו!
שלויע־רעה
קליפּה
טאָכטער — „מצאַץ"
פון „סאַנקטיפּע" —
מיט איר שאָטן צעקריגט,
וואָס האָט דיך געוויגט,
געזייגט,
און בריסט — צעציצט, אַריינגעהיצט
אין דיין האַרץ הידרע־שוואַרצן

אומרעכטס, שלעכטס,
רשעות־שטיק
פון רוחות־קעץ,
צו וועבן אַ נעץ
פון לילית־שטריק
פֿאַר אַ זכרם לעבן,
אין דיין אומזין איינצושפּינען,
און מיט די ציין
צווישן די חצופה־ליפּן
בייסן, רייסן
און נאָך שטאַרקער דעם קנופּ
פֿאַרקניפּן.

# ס׳איז סקוטשנע אַליין

קום אַריין —
ס׳איז צעפּראַלט די טיר
און צעעפנט ברייט דאָס האַרץ,
וואָס שלאָגט פאַר דיר
און דער טיק־טיק זאָגט:
צווישן די שאָטנדיקע ווענט
— האָבן די לעבנס־צויטן, ווי קנויטן אויסגעברענט.

די נעכט שוואַרציק דורכגעפּעכט,
די חלומות, ניט דערגאַנצט
„שיין־וויזיאָנישע" און „האַרמאָנישע"
האָבן חתונות אויסגעטאַנצט —
צום טאַקט פון צעגרומפּלטע קלעזמאָרים,
און ווי שדים אויס די קברים.

דמיון־רוחות אין ענגער וועלט
האָבן חופּות זיך געשטעלט,
און מיט די אימאַזש־מיידן
באַלד געמוזט זיך שיידן.

ס׳איז סקוטשנע אַליין.

קום אַריין —
ס׳איז צעפּראַלט די טיר
און צעעפנט ברייט דאָס האַרץ,

וואָס שלאָגט
און דער טיק־טיק זאָגט:
„ווי די שבעה־ליכט אין די נעכט
איז מיין געמיט אין דעם ליד".

צווישן די שאָטן ווענט
ווערט דאָס לעבן אויסגעברענט —
ווי דער אבל־קנויט —
מיטן מידן שיין פון טויט.

# בתולות מײנע

בתולות מײנע פון די זכרון־חורבות,
קומט אויף אין וואָלקן
מיט שאָטן־פליגל
(אין די מערב־װײטן)
זון־צעצינדענע,
פורפור־רויטע אויסגעבענקטע,
לאַנג פאַרשוווּנדענע
אין די אָפּגאַנג־צײטן.

טויכט אויף, געהויכט
מיט שײן־בלענד־חן
אין עבר־שפּיגל
יונג־בילדלעך איצט
האַריזאָנטיש צעבליצט.

קומט אויף, צעפלאַמטע
— מוח פאַרצוימטע גלות־בתולות
מיט שיכור־טרונק אַמאָר־צעקרוגלט.
בילדלט גאָלד צעצינדן
אין אָפּגאַנג־זון
שווערמט אָפּגעשפּיגלט
אין אַ וואָלקן־פײער
מיט טונקל־פאַלדן
און צעהעלטע שלײער־בלענדן.
מיט לײב־כּישוף
שאַטיר־געמישט
שקיעהש אויסגעקושט.

דמיונט אויף הימליש הויך
אַרויס פון מוח
טוט זיך בילדן
געגילט צעשפּילט
אין די בענק־פלאַמען
פון ערב נאַכט־ליכט.

זון־צעצינדענע, מיידן לאַנג פאַרשווּנדענע,
שווימט אויף אין האָריזאָנט איצט
וואָלקן־גופיקע אויפגעבליצט.
כ'האָב פיל נעכט מיט אייך פאַרבראַכט,
געפלאָכטן חלומות אויס כישוף־שטראַלן
פון לבנה.
איצט פאַרפאַלן
אין די שאַרבן־תהומות
איינע ווי איינע — זיען מיינע.

# פאַרשרייב

פאַרשרייב:
האָסט אַריינגעבלאָנקעט אין בלענד פון לעבן
מיט טריבנדיקע אויגן
אין אַ נעפּל פאַרשווימען.

ווערסט אַרומגענומען פון וואָלקנדיקע טעג
שווערע אָנגעשלאָגן,
מיט טרויער אָנגעצויגן,
וואָס מינוטלען זיך אַוועק
לויט די זייגערס
אין רעגנס —
און ס'טיקט דיין חיות מיט
פון האַרץ-צעלאָפּענעם בלוט.

ווי דער קמצן,
וואָס ציילט זיין קאַרגן גראָשן,
פון גרין-שפּאָן אַלט געוואָרן,
ביי שטערן-ליכט, ביינאַכט,
ווען דער לאָמפּ איז אויסגעלאָשן —
אַזוי, רעיון-פינגערסטו דיינע יאָרן.

טאַפּסט איבער, איינגעשימלטע אין עבר,
ביי דעם נשמה-שיין,
וואָס קינדעלט אין דיר,
און איר קנויט זייגט אויס
דעם לעצטן טראָפּן פון געוויין
און פאַרצאַנקט, פאַרבריט,
יעדעם אות פון דיין ליד —
הערש לייב.

# בורא האש

ווער איז דער איש
פון די חושכן אַרויסגערופן?
ס׳מעגן מאורות הויך אויפטאָגן,
ווען אַ שמין ליכט ניט צעפונקען
די זעאונג זיינע.
פינצטערדיק פאַרשלאָגן,
וועט ער זען
לעשן נאַכטיק זיך די זון...

ווער איז דער בן בלוט און פלייש
ווידערשפעניקער,
וואָס זעט אַן אויפהער אין געבוי — צעשטער,
אין תבל — הכל הבל?
ס׳איז זיין בליק אַ טויט־מאַגנעט: —

— פייער־מאַכט.
ווער איז דער
מיט טיפע ספקות,
וואָס ביטערט אויס זיין גאַל
פון זיך יחיד —
אַ בן־פּחד, מיט אימות אויסגעטראַכט
באַטראַכט ער זיך נאָך פאַרלויף פון יאָר
אַ מת! אַ נול! אַן אוים!?

בורא האש!
ווער איז דער אומגעוואַשן,
וואָס שאַטנט זיך,
וויל באַמוחן דיך
מיט אויגן אויסגעלאָשן —
אַלט, אויסגעשטראַלט?

# לויף צום מאָרגן

ס׳זאָלן הונדערט אויטאָס זיך נאָכטראָגן,
טויזנט לויף-פערד מיר נאָכרייטן,
וועט קיין איינער פון זיי דעריאָגן מיך
אויף באַרג-לויף, צום פרימאָרגן,
וואָס ליגט ווו, גאָלדיק-גין — באַהאַלטן
אין רויט-קאָלירטע הימלס-שפּאַלטן,
וואָס מזרח טוט צו וועלט אויסבאָרגן.

טאָמער וועט אין קאַיאַר געלונגען
אַ פּורפּור בלישטש אַרויסגעווונקען
מיר אין טיף אַריינצודרינגען.

צו דעם „קדם" נאָר וואָס דערמאָנטן
ווערן שירים אויסגעזונגען
ווערן קדושן געשפּרונגען,
צו אָפּגערוקטע האָריזאָנטן.

וויפיל פון די בונטע שטראַלן,
מיניענדיק מיט צעצינדטע פאַרבן
אין דעם האַרצן בראַנדיק שטאַרבן
אין די היים-צעשטראָמטע קוואַלן.

ס׳זאָלן הונדערט אויטאָס זיך נאָכטראָגן,
טויזנט לויף-פערד מיר נאָכרייטן,
וועט קיין איינער פון זיי דעריאָגן
מיך אויף באַרג-לויף צום פרימאָרגן,
וואָס אילע מאָל פאַרביק ניי —
איז בלישטשיק גרוים ווי אַ פייער-רויז
מיט הימל-ברען ניט קאַרגן —
פון וייטן מזרח אויסגעבאָרגן.

# אַ בליק אין לעבן

כ'האָב אַריינגעקוקט טיף אין לעבן,
פון דער השגחה מיר געגעבן,
און אין דרויסן האָב איך זיך געפונען,
ווי אַ צעלעכצטע כלי, אויסגערונען,
פאַרצויגן מיטן געוועב פון אַ שפּין,
אַריינשטראַלן זאָל דאָרט ניט די זון.

אויף דינע פּאָוויאַטינע, גרוי
שימערט אַ ברילִיאַנטן־טוי,
וואָס לאָקערט אַריין, דעם בלישטשן־שיין.

ס'דאַכט:
דאָס פּאַס צעלעכצטע אין גאַס,
איז פול מיט אַ דימענט־בלענד,
אויסצושעפּן מיט ביידע הענט...

אַפילו קליינע קינדער ווייסן
מ'זאָל זיי פרעגן און ענטפערן הייסן:
— וואָס איז אין פּעסל, אויפן דנאָ?
„אַ הויץ אַ געמישטעד גראָ און בלאָ
איז דאָרט ווּיסט און פּוסט —
גאָר ניטאָ"...

# אנשטאָט אַ תפילה

אין דרויסן אַרוים,
קאַיאַר, אויף הבל־וועגן,
מיט האַרצן־קלאַפּ ביי פרעמדע
כ׳טו פרעגן:
אין ווייטן גאַנג
וויפיל שירים דאַרף איך זינגען?
בופאָן גלעקלעך קלינגען,
זיך שיכורן
און מיינען: אין הימל מוזעם שיינען.

וויפל מאָל געשלאָגן דאַרף איך יאָגן
איבער וויסטע שטעט,
אין דעם מהלך קרומען?

וויפיל תפילות דאַרף איך טאָן
פון אַ מאַמעס תחינה
צו קיילעך זון,
וואָס באַלייכט
מיט איר שטראַל־באַריר,
ווי אַ ציטערניש פון דער שכינה
די נשמה אין מיר
— און זאַפּט איין
ס׳לעבן
אין איר צעפּאַקעלטן שיין,
און איך שטרעק די הענט,
פליגל־אויף ווי אַ טויב
צעהעלט
אין אַ צעפלאַטערטן לויב.

# מיינע טעג

מיינע טעג
וואָלקנדיקע און אויפגעלאָכטענע
ציען אַוועק
אין בין־השמשותדיקן פאַרנאַכט
אין מערב־זייט.

כ׳וואָלט געוואָלט —
אַן אָנגעכמורעטן פאַר אַ בלישטשעדיקן ווי גאָלד
פאַרבייטן
און זיין גרייט
אויף אים,
ווי אויף די שחקים אין די מרחקים,
נאָכרייטן
דער אייביקער שקיעה,
און מיטן גלימצער פון אונטער דער וויע
זען דעם תמידיקן ברען —
פורפורדיקן שיין
פלאַמיק און פאַרביק
אין מיין בליק;

ניט ווערנדיק מיד
פיל מאָל
מקדש זיין דאָס ליכט,
וואָס מיניעט זיך
קאַליר צעבלענדט
און צענשמהט מיך
אין אַ פייער־ליד
בשם קדושה
ווי אַרויסגעברענט
פון מויל.

# ס ק אָ ל ע

שטעטל דו, סקאָלע,
צעשוויפּטשעט מיט ווינט,
צעאָטעמט מיט „סמאַרעקע״-סמאָלע
פאַרהאַווקעט פון הינט,
מיט שטורעם אָנגעהודיעט, קראָפּעוועק פאַרבריט,
ערד אָנגעגרידעט: — חרוב, אָן קרוב אָן ייד,
פעלדזיק איינגעצײַנט, זאַווערוכיש צעווײַנט —
אין שאָטן פון די קאַרפּאַטן,
פון דורות פיס אויסגעטרעטן.

דער תושב אין דיר:
אין חסידים-שטיבל, דער מקובל,
יושב-אהל (וואַרטנדיק אויפן גואל)
ר׳ אברהם-איטשע ז״ל — פרומער זקן, אָן אַ גאל,
מיט אַ ציטער אין האַנט
איבערן שטערן אַפיר,
די מחשבה-זרה אָפּצושלאָגן, פלעג זאָגן:
מײַן קינד,
דאָ, אין עולם-התחתון,
איז די נשמה אַ שומר איבערן חומר;
מיטן דאָ ווייליקן דאַרף זי זיך הייליקן
לכבודו — מסגף-גוף זײַן מיט צרופים און עבודה.

ווײַל איז צו דער „איר״ אין באַשטײַן
אין זיכערן גלויבן
צו זײַן ראוי — אַרויף זיך צו דערהייבן —
אַ געלויטערטע ריין.

און פאַר איר, „די", וואָס איז אַ חוטא-עוון ר"ל,
לאָז בלייבן אויף טויזנט שלעסער,
מיין וואָרט אַזאַ ווי אַ שחיטה-מעסער פאַר סיטרא-אחרא-שלאַנגען,
אויף מיינע ליפּן הענגען...

דיין מקובל,
וואָס האָט לשמה געטראַכט טאָג אין נאַכט,
עולם הזה ניט געזוכט, מיט דער תוכחה ניט געפלוכט,
און וואָס ס'איז געווען זיין אַלץ —
אַ רעפטעל ברויט מיט זאַלץ —
מ'זאָל אים אויפברענגען —
פון הייליקן אָרט צעוועקט,
און ר'זאָל דערזען דיך אָפּגעמעקט —
פון מגיפה, שריפה, מאָרד,
זיינע לעפצן, געשוואָלן מיט צאָרן,
וואָלטן דיך געשאָלטן:
„זאָלן די בערג זיך צונויפרוקן, טאָל דערשטיקן
דו — אָן היימיש הויז, שוהל און קלויז".

דער מקובל, וואָס האָסט פאַרמאָגט —
אָן טלית, אָן תפילין, אָן תפילה,
אָן השגחהס ווילן אפילו —
וואָלט איצט געזאָגט:
„מעג דאָס זיין מיר צו אַ זינד —
די זומערס שיינע,
פאַרווינטערן
זאָלן פון אַ וואַיענדיקן ווינט,
ווי די צפון-פרעסט דיינע —
צווינטערן.

דאָס געוויקס אין גרין־גראָז,
זאָל אייזיק זיך סנאָמפלען ווי גלאָז.

קללה צו דיר ערד,
וואָס דערשנאַפּט, און דורשטיק איינגעזאַפּט
האָסט אין טיף דעם הייסן טריף
פון האַק און שווערד.

פייגל ביסטרע אין דיין זאַוויי,
וואָראָנעס מיט געקראַקעריי
זאָלן דורכיאָגן און ניט פאַרטראָגן
די אבלה — די בהלה,
ווינטיק פאַרטייטשטע,
שטורעם צעבייטשטע,
מיט געוואַי און געמיאוי
פון וועלף און פון קעץ
אין פראָסטיקער נעץ.

זאָלן וואָלקנס איבער דיר שלאַקסן,
בערג זיך צעוואַקסן,
אויף שטראָז זאָל זיך ווילדיקן גראָז.
פגירה־געערוך זאָל ווינטיקן דיין „דוך"
און אין נעפּל־געדיכט זאָל זיך לעשן פייער און ליכט
ס'פלעמלישע — און דאָס הימלישע.

סאָוועס זאָלן זיך בלינדן —
וואָס לויערן און טרויערן
מיט אַ קלאָג
אין אויסגעהוילטן פּניאַק...

אַזוי וואָלט זאָגן
דער מקובל
און אויפגעטראָגן (ווי אַן אָבל) —
קריעה איינגעריסן ביז נשמה-געוויין,
די צונג פאַרביסן,
און מיט אַ ניט-דערזאָגטן וואָרט אַ האַרבן
ר׳וואָלט טויזנט מאָל צוריק געשטאָרבן.

און איך וואָלט נאָכגעזאָגט:

ווינטן צעפּעכט —
זאָלן האָבן אָנגעיאָגט
חבל-גרויל
אויף דיר וועלט-געשוויר.

איינבליצן זאָל איך שד-געשפּאָט.
גראָ אָנשוויצן זאָלן
כמאַרעס רעות
און פאַרטומלען — דונערדיק די הימלען.
דאָס גיות מיט בלוט-פלעקן
זשאַווערנדיק אין געוויסן,
אימהדיק אויפשרעקן
זאָלן מאַרך-גרילן
און הונטיק בילן —
צו לויפן אין קלויסטער
איבערצלמען די זינד...

## וועמענס איז דער רוף?

וועמענס איז דער רוף,
וואָס וועקט נשמה און גוף,
צעוואַכט מיך אין מיטן נאַכט —
טראָגט מיך אויף?
כ׳צינד אָן אַ לאָמפּ,
נעם אַ פּעדער אין האַנט
און אומגעריכט
לייכט אויף אין מיר אַ ליכט,
אַ ליד,
אַ באַהאַרצטע טרער.
איך פּיל זיך אויפגיין העל
אין אַן אויבער-שיין,
ס׳נפש דערכעט זיך אויס
ביי דער שוועל פון חצות —
אַ רגע ווען ס׳ווערן איינס
נשמה מיט קדושה,
זעל-זיוו מיטן גוף,
ליד מיטן בלוט.

דער האַרצן-טיק —
אָן שרעק.
הער איך, הער
די שכינה איבערחלומען זיך אויף אַ סטרונע
פון אַ פידל אויף דער וואַנט;
שפּיר אין לויכטנדיקן סוד
פלעמלט אויף אויך גאָט,
און עפּעס מאָנט,
עפּעס מאָנט...

# וועק אַרויס

וועק אַרויס פון מיר די אימה
וואָס דרימלט אין נשמה,
איז אויסגעדופקט פון האַרץ
אין יעדן טריף,
איינגעציטערט אין מינדסטן נערוו
אין די רינצל־קנייטשן פון מאַרך,
אין גלאַנץ פון בליק
אין נפשדיקן צאַפּל,
און אין שאָטן פון מיינע טריט.

וועק אַרויס די אימה
פּוסטנדיקע וויסט,
מיט איר פינצטערן באַשאַף,
אַן אָנגעזייגטע פון מאַמעס בריסט,
פאַרזידט אין בלוט.
ז׳ליגט אין אות פון מיין כתב.
לאָמיך גיין אַקעגן ליכט־
אויסשטראַלונג אָן אַ שיער,
גיין אָן פורכט
מיטן בינטל יאָרן מיינע
אויסגעצאַנקטע
פון אַ ניסקערדיקן קאַניץ־קנויט
רויכנדיק אין מיר.

## באַגלייט מיך אַרויס

קום אַרויס
אין זוניקן אויפשיין
צום איינגעבוימטן גאָרטן
מיט בלעטער צווייגן. געדיכט
און מירן זען:
אין טונקעלן שאָטן,
מיט צעוועקטער העזה
אין די הויכע גראָזן,
שטייט דער שטערן-רינצלער
ווערטער-מינצלער
און באַשווערט די מוזע,
שיקט אַרויף זייפנבלאָזן
צום בלישטשנדיקן ליכט.

מענטשן גאַפן,
שמוכלען, מאָנען פלי-באַלאָנען...
אַ קליין קינד פאָכעט מיט די הענטלעך צו דעם ווינט.

באַגלייט מיך — אַרויס ביינאַכט פון הויז.
אין טונקלדיקן בלוי
טרינקט זיך אָן בלום מיט טוי,
פינקלט די רויז —
אין שיין פון דער לבנה.

אין פארראָסטעטע גראָזן
שטייט דער מינצלער, זילבן־קינצלער,
און שיקט אַ מתנה,
אַן אָטעם־בלימל,
צום ליכט אין הימל,
און מענטשן גאַפּן,
און ביי אַלטע טרערן
בליסקען צו די שטערן,
ווי ביי אַ קינד,
ווען די פייערלעך ווינקען
מיט אַ כישוף־בלענד.

# די מורא

דער צוזאָג פֿון אַ ליכטיקן מאָרגן
גלאַנצט אין בליק פֿון די נאַראָנים,
ווי אַן אוצר־פּלאַם אין ים.

זיי זעען אַ וווּנדער —
בלומען אויפֿגיין פֿון קראָפּעווע־זאָמען...

וואָס איז שייך
די נאָכשאָטנדיקע מורא,
דאָס טראָגן זיך פֿון שוואַרצן וואָגן,
דאָס בלוט געפּריר
פֿאַרן שפּעטן קלאַפּ אין טיר —
ווייזן זיי אָן
מיט אַ געצלמט פּנים
פֿון זייער אויפֿגעמישטער תּורה
און מיט אַ שמייכל אַ ניט קאַרגן:
די אויפֿגייענדיקע זון,
באַשייגענדיק דעם וואַלד
אַ גאָלד־צעשויבערטן גליק
אַריבער דער בריק;
דעם ליכטיקן ווייץ,
וואָס מ׳טוט פֿאַרזייען
ס׳זאָל סטאַיען
פֿאַרן משורר אַרויס פֿון דער נויט,
פֿאַרן שנאָרער און שחוררער —
ווייס־חלהדיק ברויט,
און אַ לאָקשענער קוגל,
אַ פֿלעדל און עפּל־שטרודל —
אָ, אימאַזש אין רויטן שפּיגל!
ראיה פֿון אַ מיראַזשן־ישועה,
אוצר־פּלאַם — אין שטראַליקן ים...

# יתום קליינער

יתום קליינער,
אַרומגעטריבענער אין בית־עולם־שטאָט,
עמעצם זון —
וואַלגער אָן
ניט געהאַקטע שטיינער,
צו בויען הויך אַ מזבח,
אויף צו קוילען קעץ —
קרבנות פֿאַר די זינדער
ער און זיען, וואָס קניען
פֿאַר אַ געץ...

יתום איבערגעבליבענער
מיט פֿאַרצאַפּטן בלוט,
הויט און ביינער,
עמעצם זון —
וואַלגער אָן
ניט געהאַקטע שטיינער
הויך,
צו דעמפּן וויינרויך צו אַן אָפּגאָט.
פֿאַר די געטויפֿטע, ווי פּיאַווקעס אָנגעזויפֿטע,
שוואַרץ
מיט ווערעמדיקן האַרץ.

# ס׳חיות

שעה נאָך שעה
פילסטו דאָ,
ווי ס׳פליען אַוועק צעטרענצלטע טעג.

שוועבסט אין חלום.

דאָס בלוט „אַקסעגעניזירט״ —
פון בלאָ אויף רויט;
דאָס האַרץ פּולסירט
אונטער דער הויט;
ס׳חיות צערינט
אין געלויף
און אין מוח שפּינט
זיך ביזן סוף
דער רעיון —
געשאָטנט און געשטן׳ט
מיט הבל־הבלים.

# תפילות

1

מיינע תפילות זענען ניט אָנגענומען.
ווו איך זאָל ניט זיין,
אין דעם מינדסטן בית-המדרש,
לאָזט מען ניט אַריין

אַפילו, הויך, אויבן,
פֿאַרריגלט מען דעם טויער.
פֿליען זיי אַרום פֿראַנק און פֿריי,
ווי זיך ליניענדיקע טויבן,
מסוכן חולה, געגרייט פֿאַר אַן עולה.

2

מיינע לידער —
ניט זיי קלינגען נאָך אַ זיג,
ניט זיי פֿאַרלוליען קינד אין וויג.
דאָס אָנגעשריבענע מיט טינט
איז עשן, אַ פּידרעך-לשון *
אָנצושרעקן, די גאַס אויפֿצוּוועקן —
וועט מען ניט שפּרייטן בלומען,
צו אייביקן מיין נאָמען

מיינע לידער —
זענען אויך מיר דערווידער...

* אַ פֿאַרשטעלטע, איבערגעקערטע שפּראַך, שדים-רייד

# אין וואָר און אין חלום

ווער טרייבט דיך
אין טועה-עולם
אויף וועגן צו גרייזן,
צו רייטן אויף אַן אייזל
איבער מרה-שחורהדיקער ערד
די וועלט אויסצולייזן?

ווער שטופּט דיך
אַרויס פון דעם העק,
— זיין אַ ציבור-שליח,
פירן ארחי-פרחי
מיט די טאָרבע-זעק
אויף געבויגענעם רוקן
צו בעטלען מיט בליקן
און שנאָרערדיקע הענט?

ווער צווינגט דיך לאָמפּן אָנצינדן,
דעם דלות אויפבינדן
אין די הקדישן
צווישן קויטיקע ווענט?
אליין אויף די חורבה-שוועלן,
ביי די וואָגלער אומגעקעמט,
זוכסטו פאַרן לייב און זעל
(מיט אַ האַט רחמנות)
אויסקבצנען אַ העמד
נפש-געפילן איינצוהילן.
דיין פאַרלוירענעם נאמנות
וועסטו אין פינצטער ניט געפונען —
מעגן לייכטן טויזנט זונען.

## ס׳ליכט אין די הענט

דאָס ליכט אין מיינע הענט
קוים דעם שאָטן באַלייכט
אין דער פינצטערער נאַכט,
אָן לאָמפּן צעברענט.

ווי ווייט מיט אַזאַ שיין
קאָן מען אין דער בלינדקייט פאַרגיין?
עמעצן אָנטרעפן,
וואָס טראָגט אַ קאַניץ פאַר זיך
נשמהדיקט אַרום —
און ווייטיקט אויס שטום
די עלנטקייט ווי איך,
און מיט וואַקלענדיקן טראָט
זוכט אַ מינוט
אויסגערגעט אין לייד
אין דעם פולס פון דער צייט.

ס׳ליכט אין דער פינצטערער נאַכט
מיין שאָטן באַלייכט,
רויכערט מיטן קנויט,
צאַנקענדיק מיט איר שיין,
טשאַדעט זיך צום טויט.
ס׳איז איינזאַם אימהדיק אַליין...

# אַ וואָרט

אַמאָל אַ וואָרט
אין קעל פֿאַרבליבן
אַ ניט דערזאָגטס: —
איז, ווי אַ כּתבֿ׳עדיקס,
שוואַרץ — פֿאַרצאָגטס —
מיט דער פּעדער ניט דערשריבן.

אַמאָל איז וואָרט,
אַ מויל־ווינטיקע
אויף דער צונג —
אַ הויל־טינטיקע,
אַן נשמה־פֿונק,

זאָגט ניט פֿיל,
איז אַן פֿאַרב,
שטאַרק קאַרג
אַן ליכט און שאָטן־שפּיל.

אַמאָל איז אַ וואָרט ביטער האַרב,
אַמאָל קאַלט
אויסגעדראָשן.

אַמאָל שמועסדיק אַלט —
אויס־אויסגעלאָשן,
די זילבן ניט צעקלינגט,
איז בלייאיק שווער
און זינקט.

אַמאָל אַ וואָרט פֿלאָגט,
וואָס געאײַלט אַרויסגעזאָגט —
צעברענטע פֿלאַמען
ניט צו פֿאַרוואַשן
אין טויזנט ימען.

## טרייב אַרויס

הערש לייב!
טרייב אַרויס דעם דיבוק דיינעם,
וואָס וואָיעוועט אין דיר,
און יאָג אים אַריין אין וואָרט.

לאָז ער גילגולן דאָרט
אין שווארצן אות,
אין דעם דריבנעם קליינעם,
וואָס רייסט זיך אַרויס —
פון טינטיקער פעדער,
פינטלט אַרויס ווי נחמה
די הרגשות
צעטראָגענע —
נשמהס שפּלדיק געמיט
דאָס געשלאָגענע.

און טאָמער אַ שונא
דיר אויף להכעיס
וועט מיט נחת
אַרויסלייענען דיין פּיין —
נעם ניט פֿאַר אומגוט,
בייטש ניט צוריק מיט דיין בליק.

ס׳קען זיין —
פֿאַרן שטאַרבן
וועלן אים דיינע רייד
צעוויינען,
אים האַרבן ווי כריין,
האַרץ־ראָבן וועלן אים דזשאָבען —
און ער וועט חרטה האָבן.

# פּראָג

פּראָג,
און זאָגן וועט ער:
ער וויל אַוועק
ווו די אויגן טראָגן,
זוכן לאַנד, וואָס ניט דערמאַנט,
יענע טעג,
פּאַרגאַנגענע,
שפּיכהשע
פון גזלן-הענט,
און ווו מענטשן-אויוונס
האָבן געברענט.

ער האָט פיינט
די, וואָס מיט בייזן —
ווילן וועלט דערלייזן,
פּאָכענדיק די „פּאָנע״ —
באַטריגן מיט ליגן
דעם היינט,
זענען מיט-שולדיקע אין נעכטן —
ס׳זאָגן עדות זון און לבנה אויף דעם.
ברען-געשטאַלטן דעם מוח שפּאַלטן,
ס׳בריט די ברעם, שטערן — משוגע צו ווערן.

פּראָג, און ער וועט זאָגן:
אים טרייבט אַוועק פון וויסטן טראַכטן —
ווו די אויגן טראָגן —
מיט האַק און פּאַק,

גאָר אין עק האָריזאָנט,
אויסטאַפּן אַ לאַנד,
אויסטרעטן אַ וועג,
ווו ס׳אויסצייטלען זיך טעג
מיט אַ פֿרימאָרגן־אויפֿשיין
און מיט נאַכטלעכן ליכט,
וואָס שרעקט ניט מיט אימה־בליק
און רעגט ניט טיף צו געוויין.

## דעמער־שיין

אַ דעמער־שיין,
ווי שימער־שטויב
פֿון אַ שטראַלן־זייל
דורך פֿענצטער־שויב,
דרינגט אַריין
אין מײַן צימער,
און אויף אַ ווײַל
פֿאַרבלענדט מײַן זעל
די טונקלע
פֿאַרזונקען
אין לאַמענט
און אין אַ מרה־שחורה־קימער
צווישן די שאָטן־ווענט —
זוכנדיק אַן אויסגאַנג
פֿון אבילות
אין זין־געשפּין
פֿון פֿאַרגענגלעכער זון.

ס׳דרינגט אַרײַן דאָס פֿייער־אויג, ווי פֿון אונטער אַ וויע
אין מײַן חדר,
פֿאַרבלענדט מײַן טונקלע ראיה,
דמיון־וויזיע
בין־השמשותדיק, פֿאַרטראַכט,
בלישטשעט ווי מיט אַ כּוונה
זיך אַ שפּיל צו טאָן
מיט אַ שטראַלן־סטרונע —
איידער ס׳פֿינצטערט אָן די נאַכט.

# זון

פייערקנויל —
פון תוהום טומלדיקן בראשית-מויל
אַרויסגעשפּיגן —
טראָגסט זיך אום
„אינפיניט”, שרפהש
אין אָרביט-תהום,
זיפּסט אויס די נאַכט
שיכורסט אָן מיט ליכט.

ווען איך זע דיך אויפגיין,
זע ס׳שאַריען
ראָז און גילדיק
מיט צעפלאַמטן שיין —
בייגן זיך מיר די קניען,
ווי שולדיק, מיט אַ נשמהדיק ציפּן,
און געהויבענע הענט צו דיין פלאַקער צעברענט —
פרעפלען תפילהדיק די ליפּן.

זון! פאַרבסט מיט זריחה
פאַרזיפּסט און בריסט איין
אין גרין מיט בלישטש-געוועבן — אָטעם, לעבן.
שפּיגלסט זיך אָן
אין טייך, אין ים.
אַ רויטלעכע פלעקסט
דעם מאָרגן-פרי און פאַרנאַכטן גלי,
וואָס וועקט ס׳בלוט אין מיין געמיט.
טרייסלסט אויף די טיף.

פייערקנויל, אַרויסגעשפּיגן מיט תוהו־טומלעניש
פון דעם כל־עולם־מויל,
אויוונדיק אָנגעגליט —
שווימסט אַרום אין אָרביט־תהום.
דו, פלאַקערדיק באַשאַף,
וואָס חיותט מיך, שטראַלסט מיך דורך —
כ׳וועך פאַרצערט,
דאָס לעבן באַנגט אָפּצוגעבן
צוריק צו דער ערד —
אָ, שרפהדיקע זון!

## איינער אַליין

איינער אַליין, איינער אַליין,
מיט זיין שאָטן
זעט מען אים שטיין —
די אויגן מיט צער פֿאַרצויגן.

אַז ער רעדט —
בעבעט ער גיך
אין זיך:
אַ הורדע! בורדע!
געקומען אויף דער ערד
צו שפּעט.

אַז ער שווייגט —
נידריק אָנגעבויגן,
ווי ר׳וואָלט זיך געהאַסט,
מיט שטיינער אַ טענית פֿאַרפֿאַסט
און פֿילט דעם ווײ:
אַ טויט־שטילונג
פֿאַר זיך און דעם צווילינג
אין האַרצן פֿאַרשניטן.
ר׳טוט סבלנותדיק
זיך קוועלן
פֿון שאָטן ניט אָפּצוטיילן.

ר׳טרעט ניט אַרויס פֿון הרוב־הויז
אָקעגן ווינטיקן פֿיינט.

אין שטאַרציקן קוימען איז צעווײנט
די מטרוניתא
אין אַ סאַזשע־תּפֿיסה
און ווערט
פֿון קיינעם ניט געשטערט.

## ער זעט

ער זעט
אין פיבערדיקן מוח
דמיונדיק צעהיצט
אויפגיין ווייט,
פון נעפּלדיקן רויך,
שטורעמדיק גרוי —
בליץ־לוחות
מיט אַ פייערדיקן „לא"
איינגעקריצט,
אין אויסגעשטרעקטע הענט
צאָרן־פלאַקערדיק צעברענט.

ער זעט
פון אַ געשפּענסטער־צוג
„עזאזל"־לייט
אַרויפצילן אַ הריסה־קויל
מיט וואָלקן־גרויל
פון אַ גיהנום־פּיסק —
אַ מחבל פון תוהו־תבל
אויפגעשריגן,
אַ ברען־משוגעת
פון אַטאָמען, בראשית־זאָמען
אין אַ וויקלענדיקער אימה,
וואָס פאַלט
משחיתדיק
צעשטראַלט...

ער זעט
דעם אוממענטש
בלינד
אין זיין רשעות;
דעם שטן ווי ווינט —
אין אַ שרפהדיקן „רעוואַנזש”.
איבער דער ערד
פון רוחות פאַרלאַכט —
פליגלט אַן, פליגלט אָן,
אַ פינצטערונג,
אַ נאַכט.

## דער וואַנדערער

ווי איינער מוחדיק קראַנק
שטעלט שרעקן־טריט,
ווי אויף זאַמד צעגליט —
איז ער,
אַ צעשפּאַנטער אויפן וועג
שוין יאָרן לאַנג.
ער ווערט ניט מיד
צו וואָגלען אויף דער ערד —
אין די שטרויכלדיקע טעג
מיט אַ שטעקן אין האַנט,
ווי צום אַריבערן האָריזאָנט.

אים ציט
ווו ס'בליט
אין רוים פון גאָלד אַ טרוים.

אים ציט: —
ווו נשמה־פייגל זענען צעפליט.

אים טראָגט דאָס בלוט
צו אַ מזרח־שטאָט
אָן אויסגעוויינטן נעכטן,
פון זון באַלאָכטן...
ווו פון שטראַל געוועבט
איז צייט,
זינגעוודיק צעבלענדט,
און מ'ווערט איינגעגליקט, ווי אַ קינד
מיט מאַנדל־מילך אָנגעזייגט —
אין אַ זיסן חלום פאַרוויגט.

# נאָך קהלת

## א

קוק אַריין אין מיר
און זע, באַטראַכט
דעם פּונק חיות
פון אַ הייסן אָטעם
וואָס דו האָסט איינגעדעכעט
טיף אין גוף
(פּינצטער ענג) —
אַ ווינטיקער פּחד
פון נעפּל-געוועבן
לעבן חלום
פון הבל-הבלים.

ווי אַ פויגל אָן פליגל
און אָן געזאַנג
אין אַ נעסט-אויסהויל,
פון אומפּלייט צעביסן,
בין איך אין דויער פון צייט
קראַנק און פויל,
אין אַ שאָטן-שלייער
געלאַנגווײלט,
אין די פולם-רגעם מינוטיקע
מיר אויסגעציילט,
נשמהדיק צעריסן.

ב

קוק אַריין אין דער נשמה אָן אַ שמץ ליכט —
אַ פּאָכענדיקע אימה
וואָס אָטעמט אין זיך איין
ס'וואָלקנדיק זיין,
הויערט איינגעטרויערט,
אין די פּאַסמעס פון נאַכט
מיט אַ רעיונדיק פּאַרמישן —
און ס'אַרויף־געבעט אין איר פּאַרלאָשן.

קוק אַריין אין דער נשמה
מיטן אויספּאָרש־שיין,
זע זי:
אָן אַ תקומה,
אין זיך פּאַרגעסן,
אַלע מחשבות
אין איר צעפּרעסן
פון גיפטיקע אומפּלייט,
נישטיקע נישטיקייט.

# אין פאַרפלעמערונג

שרייב אַריין מיט שקיעה-טינט
דעם פאַרפלאָם פון פאַרנאַכט.
שרייב אַריין מיט האַנט צעפּענט,
אין פּנקס אַרויסגעזוכט,
אין אַ כתב בלישטש-צעבלענד
דאָס פאַר-אָוונט-געזאַנג,
ווי דאָס זוניקע וואָס פאַרגליט
פּורפּולדיק צעשטראַלט,
צי ווי מיין צעהייצט בלוט
שיכור פון זיו-געטראַנק,
וואָס קוועלט — קוואַלט
און פיבערדיק צערינט.

וואָס איז שטילער טיף?
דער ציף-ציף-רוף פון עוף
אויף בלעטער-צווייג
וואַלדיק-ווילד?
צי זעל צעטרילט,
ווי אין אַ פויגלישער שטייג?

שרייב מיט אַ ציטער פון לייב
אין בליסק-געבלענד
אַ בין-השמשות געזאַנג
אין אַ מגילה,
איינגעבוכט אין פאַרנאַכט,
אַ לב-להבה-תפילה

אין ליכט-פאַרפלעמערונג
פון רגע און מינוט,
רגע און מינוט,
פאַרשווענקען, פאַרטונקען
אין פאַרשרפהטן בלוט,
פאַרשרפהטן בלוט.

## דער בטחון

דער פיבער האָט ארויסגערופן
ביינאַכט פורכטיק שטיל
ביי אַ קראַנקער מויד
אָפּגעשוואַכט —
פון איר דמיון־נעץ,
אַן אַנגסט־בהלה
אין די טונקעלע טיפן,
געמאַכט זעען
צעווילדעטע קעץ
אויפן דיל
אין אַ שאָטן־גלאַנץ
פון אַ קאַניץ־ליכט,
אין אַ גלימער־טאַנץ
פון צעציטערטן טויט.

ביי איר בעט,
פון אונטער, ווו ס׳הערט זיך אַ גריל,
זיצט אַ באָבע טויב,
גרייז־גראָ איינגעטאָגט
אין שימל־יאָרן,
מיט אַ צאינה־וראינה
שימה — תפילה צעשיט
אין איר ציטערנדיקער שוים,
ווו ס׳העלט אַ שטראַל
פון דער לבנה
דורך דער פינצטער־שויב
מיט געפלאַטער אויף די בלעטער,

און זי זעט
מיט איר שוואַכער ראיה
אין איר די שכינה,
וואָס טראָגט אַ רפואה.

פֿאַלט אַ טרער פֿון אויג אַרוים —
די וווּנדער זענען גרוים.

# ג ע ז ו כ ט

כ׳האָב געזוכט —
די פאַרגאַנגענע יאָרן,
דורכגעיאָגטע ניט דערטאָגטע,
ווייט פאַרלוירן.
געזוכט
געפלאָכטענע הבדלות
חלומדיק אָנגעצונדן
אין ניט שלאָפנדיקע נעכט
און פאַרשוווּנדן
ווו די מזלות הויערן.

כ׳האָב געזוכט
דעם אויפשיין און פאַרגיין
אין אַ ניט שאַרלאַכדיקן רויט
און ניט אין צעצינדענע במה־שייטערס
פון זינדיקע נשמות
אין די רויך־וואָלקענעס איינגעגרויט.

כ׳האָב געזוכט, ווי מיט ליכט,
אויף אַ צעפלאַטערט בלימל,
אויף זאַנג פון קאָרן,
אויף שטענגל פון מאָן,
אויף מדבר־דאָרן,
אויף שוואַרצן קימל —
אַ שטראַל פון דער זון.

מיינע אויגן שיער אויסגערינען
האָבן געזוכט צו געפונען
אַ ייד צעפּליט
אין די וואָלקן,
וואָס האָט די לבנה אויסגעמאָלקן
און געטראָגן
ס׳מעלק־שעפל אין האַנט,
צו אַן אויסגעטראַכטן לאַנד
מיט אַ שטערן־וואַלד
אָנצוגיסן אין בעכער
דורך קוימען־לעכער
מילך ווי כישוף־גאָלד צעשיינט
פאַר קינדער קליינע
פון דער מוטער־ברוסט אַנטוויינט.

כ׳האָב געזוכט, מיר דוכט,
דעם שטיין אין האַרצן,
וואָס איז מיר שווער;
געזוכט אין זיך דעם זעער שוואַרצן
און עפּעס מער —
און ניט געפונען,
אויך ניט אַ טרער...

## נשמה מיינע

נשמה מיינע, צעפליטערט
מיט בלישטשענדיקן גלאַנץ
אין דעם שטראַלן־אָפּשיין
פון זון־פאַרגאַנג —
מיט יעדן ניואַנס
פון דעם דאָיקן זיין
פלאַטערסט דו זיך אויס,
ווי אַ שמעטערל
פון הענט אַרויס,
וואָס לאָזט נאָך זיך
אַ פליגל־שטויב.

ס׳בלייבט דיין בלענד־לויב
אויף די דעמער־פינגער
פון דעם טאָג־אָפּקלאַנג...

און ווי פון דעם לידל־זינגער — אויף באַנדורע
מיט זיין העל־געמיט
ווערט דאָס אויג פייכט געהאַרבט,
אַזוי זוניש פאַרפאַרבט
פון איר לעצטער מינוט,
וואָס פאַרציטערט מיטן ליכט
קוים צעפינקלט,
און אין רוחניות פון דער נאַכט
פאַרטונקלט
ווערסטו אין מנחה־שעה.

# כ׳זע

אָנגעשיכורט
זע איך דורך דער וויזיע־שויב,
ווי די פּאַרטאָגן בליען,
איינעם אַ דורכזיכטיקן —
אויף עתיד־פליגל אַרומפליען
אין אַ שטראַלן־קרוין אַ ליכטיקן
פון זון־פעדעם געשפינען.
איטלעכענס טרוים,
אָנגעפלויגענער פון רוים.

ביי יעדערן אין זיך
וועט קלינגען דער פרימאָרגן
פון „שעת־הכושר” געבאָרגן
אַן אויסגעגלעקלטער פון משיח.
ז׳יך פידלען אויף סטרונעס
וועלן רעיונות
וואָס לויכטן ווי הבדלות געפלאָכטן...

און אַליין וועט נאַכטיקע נויט
זיך אַ קבר אויסגראָבן,
און די אויגן פון טויט
וועלן אויספּיקן די ראָבן.

די נעכטנס צעוויינט,
פאַרזיפּצט אין זייער האַרצן,
וועלן אָוועקרויכערן פון היינט
צום עבר־פויגל דעם שוואַרצן.

אין זון־שפּיגלען
מיט חדווה איינגעפּלאָנצט,
וועט נשמה אין אַ ריקודל צעטאַנצט
זיין אַ שכינהש צעוואַקסענע גרויס,
ווי פון ערגעץ אַ תפיסה אַרויס
אונטער פאַרזשאַווערטע ריגלען.

## פאַר קבורה

ווען אויסדרינזשען די לעצטע מינוט
וועט די האַרץ־פּויק,
איינגליווערן אין אָדער זיך דאָס בלוט,
פאַרגלאָצן זיך דאָס אויג
פאַרפרירן אבר נאָך אבר,
אויסקרומען דאָס געזיכט
בשעת יציאת נשמה,
וועט קיינער אָנצינדן די ליכט.

מיר אַ נחמה
איז ניט נאָכגעבליבן אַ קינד
צו גיין אין מיין טראָט
און באַטרויערן מיין פּטירה, —
בעט איך ביי דיר, גאָט
זאָל פאַר מיין אָפענעם קבר —
קודם הקבורה
כאָטשבע אַ רגע אויף פריר
דורכיאָגן אָטעמדיקער ווינט
אַ קדיש נאָך מיר.

און — זייף זאָל באַשערט,
אַז צוקאָפּנס, אין דעם גרוב,
פון אַ וואָלקן וואָס טרערט
קאַפּען זאָלן — טראָפּנס אַראָפּ
אויף מיינע געשלאָסענע אויגן
(מיט די וויעס פאַרצויגן)
און דער וואָס וועט האָבן די שורות געלייענט
זאָל מיינען:
איך האָב אַליין זיך באַוויינט,
אַליין זיך באַוויינט...

# אַ גרינער

גערומען בין איך אין גאָלדענעם לאַנד
אַ יאַטעבעדאַם אויף שיף „נוי־אַמסטערדאַם"
אין אַ צייגענעם געוואַנט,
מיט רויטן־שלייף,
ציגיינערישן טשוב —
מיט אַ פייף!

פון שיף אַראָפּ:
אין די אויגן אַ ברען, פון גיהנומס צען,
אַ העלד אָן אַ פּרוטה געלט,
אין די בגדי־לץ,
אָן מינדסטער זאָרג —
גיריק איינצונעמען
דעם צירק ניו־יאָרק.
מיט די טיגער און בערן
אויף די סקווערן —
אַ זאָא אָן רו.

אַ שיפסקאַרטע אויף באָרג
האָט געבראַכט מיך, אימיגראַנט,
צום הילכיקן פאַרבאַראַבאַנטן
מעטראָפּאָליט ברעג —
אין סאָבוויי־וואָגן זיך אַרומגעטראָגן,
פינצטער פאַרפאָרן — לאַנגע יאָרן.

שאַרן גאָלד געוואָלט
אין אַ לעבערדיקן זאַק.

טעסען גליק פון ברוקלין-בריק
מיט שטומפּיקער האַק.

אַ גרינער אַליץ נאָך
פאַרחושט, פאַרטראַכט,
כ'שאַרף שרייב-פּען מער ווי מ'דאַרף —
ביז שפּעט אין דער נאַכט...
פון די אין דורכגאַנג
כ'קריג אַ גיפּטיקן שטאָך,
ווי פון אַ שלאַנג:
וואָס נעמט דיר אַזוי לאַנג?
אַזוי דווירנדיק לאַנג?

# אַז מ׳וועט דיך פרעגן

אז מ׳וועט דיך פרעגן
וועגן דעם בורא העולם —
ווו געוועלטיקט ער אַרום?
ענטפער פאַרטראַכט:
דער רוח-אלוהים איז אין פלאַם,
אין אויפבליץ-גבורה,
אין דונער-כוח,
אין פונק פון אייזן
האַמערדיק אַרויסגעשלאָגן,
אין פליסנדיקן גאַז,
אין וואָלקן-געזעמל,
שטורמיק צעטראָגן,
אין די מעשה-מרכבה
איינגערודערט אין הימל,
אין דער מחשבה,
אין אַטאָם געהיימנישדיק איינגעהילט,
אין דער טבע מיט אירע צייטן צעשפּילט,
אין אָטעם פון לעבן,
אין פליגל-פלי
און אין איינגעדרימלטער רו,
אין וויכער פון ווינט,
אין מאלעקול, אור-דרויב, צייט-שטויב,
אין גייסטיקן געפיל,
אין ליכטלויף אָן ענדלעכן ציל,
אין בלישטש פון אַ שטראַל,
אין פלאַטער און אין אויפציטער,

אין די תאוות פון גוף,
אין די נעפּלן וואָס אָפּלן,
אין רויש פון דעכענדיקן בוים,
אין געוויקס פון גראָז,
אין וואַסער-פלום,
אין אייביקן געשווים
פון כוואַליענדיקן ים,
אין שטערן-שיין,
אין דומם און אין די חושכן איינגעוואַכט,
אין וואַר און אין חלום —
איינגענשמהט אין כל-עולם
איז דער רוח-אלוהים.

## די „איינבילדונג“

די פאַרשידענע געשטאַלטן,
וואָס דאָס אויג פאָטאָגראַפירט,
דער מוח פאַררעגעסטרירט
און האַלט טיף, טיף באַהאַלטן
געדענקלעך אין בילד,
— אין די אין־זיך־פאַרנאַכטן —
איז אַן אָפּזיגלונג, איינשפּיגלונג
פון שעפער און באַשאַפן,
אין רעיון איינגעהאָפּטן,
פאַרזכרונט מיט קאָליר,
אַ פאַרבן צעפיר
פון טרוים־וועלט, איינגעהעלט,
אין די טיפונגען אין מיר.
ביז דאָס בלוט, ניט איינגערוט,
מיט די מראה־און זעל־געפילן —
וועט גליווערדיק פאַרקילן.

# מעשה נורא

פון פנקס כעלם...

אַ פרומע טאָכטער אַ בת־חכם,
אַ פּאַרכטיקע בריאה, אַ בתולה צנועה,
האָט זיך פאַרשטאָכן
מיט אַ שפּיזל־האָק העקלענדיק אַ זאָק
און זיך דערשראָקן.
איז זי אויפן בוידעם געקראָכן,
צום „רופא־חולים" זיין נאָענט,
אַהין די בליקן געווענדט
און געוואַרט אויף אַ רפואה.
זיבן מעת־לעת האָט זי פאַרבראַכט,
און דאָרט ווו ס'צינדן זיך די שטערן
און פאַרלאָשענע צוריק ווערן,
האָט מען פון איר ניט געטראַכט.

מיט אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, איז זי פון דער „עליה" אַראָפּ
אַן אַפּיקורסטע,
געברענט און געבראָטן דעם הייליקן שאָטן,
מער אין אים ניט געגלויבט
און פון זיך זיינע זון־שטראַלן אָפּגעשטויבט —
אַ בייז־ווילדע וואָלפין,
פאָטער און מאָטער
האָבן איר ניט געהאָלפן.

און איצט אויפן קברות,
ווייט אין אַ זייט,
ווי פון אַ כרות
אויף „קבורת־חמור",

לייענט מען
די מעשה נורא
מצבהש אָנגעשריבן: —
פה נקבר
הבתולה מרת פרומע איטע,
וואָס האָט פון זיך אָן מורא
גאָט אָפּגעטריבן.
— — תנצב"ה

## מײן שטאָט

מײַן שטאָט, אבלים־שטאָט,
מיט אַ געװױטעריי,
װי אין זשאַװער־מילן געמאָלן,
ס׳שװיפּטשעריי פֿון װינט און געװאַלד פֿון אַ קינד —
צעיאָמערט נאָך הילף.

דער װיי איז אײַנגעדיבוקט
אין בילן פֿון הינט,
אין געװאָי פֿון װעלף,
אין געמיאַו פֿון קעץ,
אין יללה פֿון „שראַץ״,
װי ס׳װאָלט שדות אים פֿאַרביטן
און אָנגעפּיאַװקעט מיט אירע בלוטן.

ס׳װערט געהערט דער געשריי:
אין זשוזשעריי
פֿון זודנדיקע טעפּ,
אין גלאָקן־קלינגעריי
פֿון אַ פּגר־פֿאַרשלעפּ,
אין צעשטורעמטן שניי,
אין דעם שװיפּטש
פֿון אַ צעלעכערטן פֿאַס,
פֿון אַ מטורף מיט משוגעת.
אין אַ זייגערדיקן אומרו
מיט אַ הייזעריקן טעלעפּ,
װאָס צעדריבלט די שעה, —
אין אַ פֿידלדיקן געסקריפּ
אויף אַ כאַסליערע,
אין בייזער שליטה פֿון ניט־גוטע.

ס׳ווערט געהערט:
אין פייער צעהעשן, אין קוילן אָפּלעשן,
אין געגאָסענעם וואַקס, געשמאָלצענעם בליי,
אין אָפּשפּרעכן די שרעקן,
וואָס קאָשמאַרן צעוועקן,
אין זאַווערוכישע נעכט
פון פאַרשאָלטענע, ניט געדאַכט...
ס׳ווערט געהערט:
אין קוימען-פייף
צוריק דושענדיק, ווי זינד
דעם רויך, שפּאַרנדיק צו דער הויך,
ווי אַ גיהנומדיקער אַרויסדעך
פון דער „מאַטרע מיט איר קינד״,
איינגעקנעכט אין רויט-שאָטן
פון קאַנעצדיקן ליכט
אין שפּעט נאַכטיקער שעה
אָנגעזייגט מיט דם-רע.
מיין שטאָט! אונדזער שטאָט!
(נאָכן מחבל-באָד)
אָנגעבערגלט און איינגעטאָלט
פאַר-ביתעולמט
פון ווינט,
ווי אין זשאַווער-מילן געמאָלן,
מיט געווינטעריי און קינדס געשריי;
געאייביקט פאַרדיבוקט
מיט שטורעם, כעס און מטורף-משוגעת —
מיין שטאָט! מיין שטאָט!
אַלע רשועתן אין דיר
מיט בייזן פאַרראָט.

# אַז ס׳איז מיר באַשערט

פון ציקל: ר׳ איציקל בעל מגיה

אַז ס׳איז מיר באַשערט אַ גן־עדן אָרט —
זאָל מיין נשמה
ניט דאַרפן עולה זיין
אויפן אויפצאַנק פון אַ שבעה־ליכט,
און ניט אויף יעקבס „סולם״ (חומש־חלום),
וואָס כ׳האָב אָן אַ „למד״ —
„ס—ם״ — אין דער תורה געפונען
און צוריק פאַרהייליקט אין וואָרט.

אויף דיין באַראָט
לאָמיך אויפגיין, אל־שדי,
פון דער ערד, ווי ווינט
אויף דער לעצטער פאַרע
פון אַ דורכגעשטאָכענעם קינד,
אויף אַ זקנס „שמע״!
מיט אויגן — פייער־שויבן
פאַר אַ ברענענדיקן אויוון.

אַז מיר איז באַשערט,
אין די מרומים אַ היים
זאָל אויפגיין ווי אויף אַן עקידה,
מיין נפש אין רויך
ווי די אויף קידוש־השם
אַן איינגעשרפהטע עדה
אין אַ גלאָק־קלינגענדיקער שטאָט.

לאָמיך עולה זיין
פון מיין גוף
צו דיין שכינה
אין אַ ביטער געוויין
פון אַ זקנה ביי איר תחינה.

זאָל זיין אַ שטול דאָרט פאַר מיר
דאָס זיצן אויף גחלי־אש,
וואָס זייער גלי טוט דער „ענן־עשן"
ניט פאַרלעשן.

זאָל מיין נשמה־רוח
אויפגיין אין להבת־הלב
פון אַ למד־וואָוו,
וואָס האָט מיט אַ ליכט געזוכט דיך
אין די טונקלע אותיות פון קבלה,
געטאָן בלאָנדזשען בסכנות אין די וויסטעניש
פון מה למעלה —
צו געפינען דעם „אור־הגנוז",
„נוגה"־געשטאַלט פון דער וועלט.

זאָל מיר דאָרט ניחא זיין
מיט די „מחלי־איוב"
נהנה זיין פון דעם זוהר זיו,
איינשיכורן די ביטערנישן
אין שטערן־גאָרטן
פון ליכטעניש
מיט דער „נהרה־טהורה" —
אל־נורא!

# ווifel איכן אין מיר?

ווifel איכן שפּיר איך אין זיך —
קראַ-קראַקענדיקע
און לאַרך-זינגענדיקע?

וויפיל איכן קוקן אַרוים דורך אויגן-שויב —
ווי אַ ווייסע טויב,
ווי אַ שוואַרץ ראָבל מיט שפּאַרבער-שנאָבל,
מיט שאַרפע קלאָיען פאַרן רויב?
דיבוקן טיף אין גוף,
צעפעדערן דאָס לעבן —
אַוועקצושוועבן
שעה נאָך שעה:
אַמאָל, ווי אַ טויב,
פעדערדיק ווייס,
אַמאָל, ווי אַ פויגל,
וואַראָנעדיק בייז,
אין ווילד-פלי-פליכט,
פון ליכט צעבלענדט,
אין געטרייב אַוועק,
ווי ס'וואָלט נאָכגעברענט
איר שוואַרצער עק.

וויפיל איכן — טויבן גוט?
וויפיל רוחן — מיט ראָבן-בלוט?
הויערן ערשטע — אין ליכט-געפלעכטן;
לויערן צווייטע — גליק צו שעכטן.

ס'נעסטלען אין מיר
פייגל אָן אַ שיער —
פלי-שרייאיקע פליגל אָנגעשטרענגט,
און איינגעשטייגטע — מיט געזאַנג פאַרבענקט...

# עולם התוהו

פון ציקל: ר׳ איציקל בעל מגיה

דורך ברענענדיקע שטעט,
אין וואָלקן־רויך —
אַ רואה ואינו־נראה־שד
אין עולם־התוהו,
אַ גילגול פון בעל מגיה:
כ׳וועל געיאָגט איבער פלאַקערדיקע מקדש־ווענט
אוויוונדיקע חורבות מיט ספרים צעברענט...

אַ געביסענער פון שלאַנג
אין זיך —
כ׳בין פאַרמשפּט צו זען
אויפגיין און פאַרגאַנג
פון טאָג, קדוש זיך צו הייבן,
דאַווענען און לויבן...

אַ נפש־רוח — אָן גוף,
אַ ממרה מיט רייד,
אַ נשמה־הויל
פול דברי־חטא,
פון שחת־שאולה — מיט טויזנט־קללה
כ׳בין פון טיף
אַרויסגעוואָרפן, אַ שאָטן אָן טריט
להכעיסדיק צערעדט —
צו דאַרפן שוועבן ניט גערוט
זען זון־צעברען
במראה בלוט.

ווי לאַנג אין די וואָלקענעס
מוז איך וועבן גיהנום-שרעקן,
אַ מורד-ווינט — וואָגלען אָן אַ תיקון,
אָן עוקר-בעיקר אַ גילגולדיקער,
נע-ונד מיט מענה טענה,
כף-הקלע וויל מיך ניט האָבן,
כאָטש מאַך פון גאָליש און תורה-אַש
סופר-טינט, און האָב פאַרשריבן
מיט קריליק-פען
איבער קברות-פעלד:
„כוועד געטריבן אין תוהו-וועלט
צו שרפהנען דעם דמיון-בליק, פאַרלאָפן רויט,
פאַרקללהט נאָכן טויט,
אַרוים פון שאול, טויזנט, טויזנט מאָל
צו וואָגלען: —
פאַר מיין מרידה אין מיין צער —
דעם צאָרן אָפּצושפּיגלען"...

# געבעט

טונקל מיך ניט אַריין
אין פֿאַרשאָטעניש פֿון טויט
אויף סטעטשקע־שטעגן
פֿינצטערע מיט אומגלויבן
און אָפּפֿרעגן...

דאָס רויטס אונטער דער הויט
רינט אין דער טיפֿעניש היים און וווּנדיק —
כ׳בין שפּלדיק און זינדיק.
אל־נורא!
לאָז מיר איבער באַדיי אין דעם יום־המיתה,
ווי ביים געבורט, אַן אויסגעשריי
אין דער לעצטער רגע,
ווען אין האַלדז וועט זעגן
די גסיסה
אַ כאַרכלדיקע מורא.

שטן׳דיק באַזיגט —
ווער וועט פֿירן מיך
דורך די ספֿק־טירן,
אוים און איין, אַן מינדסטן שיין,
אין חשכה?

פֿליגל מיך ניט אַריין מיט דיין גזר, האַר,
פֿון זוניקן פֿאַרשיין,
דורך בין־השמשותדיקן רויט,
אין די תחתון־היילן
פֿון שחתדיקן טויט...

# ווער איך בין?

איך שווער:
כ'קום פון אומעטום, און ווער
אַ פּלאָנטער — פּאַר די פּים.
מ'קוקט אויף מיר קרום,
ווי אויף איינעם,
וואָס איז ניט כורת-ברית מיט קיינעם...

אַ באַשעפעניש מיאוס;
א יתום אין גאַס,
וואָרלאָז און נאַס,
פון רעגן געוואַשן;
אַ האָלאָוועשקע, אויסגעלאָשן —
איך נעכטיק אונטערן פּלויט
פון הונגער, אַ סלינע שלינגער —
חלום וועגן ברויט.

— ווער איך בין? —
אויף דעם ערד-געדריי
אַן אומזין
— כ'טראָג זיך אַרום —
אַ פּאַרזעעניש,
אין היץ, אין קעלט
שעלט און שריי,
אין אַ יעדער פלוך
שאָטנט מיר נאָך,
פורכטיקט אַ מורא.

און ווען איך וועל אַוועק מיט אַ טויט־פֿאַרקרומטן מויל
אין פֿינצטער־שאול אומגעריכט —
אַ נישטיקער, איינער, פֿון קיינעם באַגלייט,
ניט צו גאָט און ניט צו לייט —
וועלן סאָוועס נאָך מיר וויינען
אין פֿינצטער־נעכט,
ווען לבנה וועט ניט שיינען...

## אונדזער שנור

1

מ׳וואָלט געקאָנט ציען אונדזער ברענענדיקע שנור,
וויקלען דעם גרויל, ווי אַ באַנוול-קנויל,
אַ בלוטיקע רויט,
ווי די זון אַ פאַרטאָג
אין הימל צו הענגען
מיט פורכטיקע זריחה —
און ס׳זאָל בלייבן אַן אָפּשפּאָר
פון דעם אָנגעשפּינטן טויט
אויסצודרייען שטריק
די — רשעים אומצוברענגען,
וואָס אין אונדזערע דמים.
האָבן זיך געוואַשן
ס׳חיות אויסגעלאָשן
מיט וועלפּישער רציחה...

2

מ׳וואָלט געקאָנט ציען אונדזער ברענענדיקע שנור
דורות פאַרקנוילן
געוואָרפענע אין שאולן,
און ס׳זאָל בלייבן אַן אָפּשפּאָר
פאַר הייליקע חכמים —
זיך צו גאַרטלען פאַר זיין ליבן נאָמען;

וואָס וואָלטן געגאַנגען
אַקעגן בילדלעכע צלמים
אויף שייטערדיקע פלאַמען
מיט וווּנדיקע ווייען,
דעם כסא־הכבוד געהעכערט,
מיט זייערע אויסגעשרייען
הימלען געלעכערט.

# מיין גורל

אויף מכשיפה-באַפּעל,
וואַרטשענדיק אָנגעטריבן,
האָט דער גרין-און-געל
פּאַפּוגיי אַ רגע
מיך אָנגעקוקט,
אָנגעבלאָזן דעם פּעדערן-פּאַך,
און אַ גורל-צעטל אַרויסגעפּיקט,
און איינגעדזשובעט אַ מזל-שטאָך.

שטייט בפירוש דאָרט געשריבן:
„מיינע טעג, ווי קאַרשן-בליטן,
חכמה-קרוין — מלכות-גליקן
איינגעשפּינט אין זוניק ליכט,
פון אויבערשטן געגילדיקט”...

ווער זשע האָט דאָס אַלץ פאַרביטן?
יאָרן אין עגמת איינגעריכט
צום עבֿרדיקן לויף
איבער וואָלקן-בריקן
טונקלען זיך אַוועק.

פון וועמען אויפמאָנען אַט דעם חוב?
וועלכער שטערן איז פאַרשולדיקט
אין דעם פּלאָנטער-סוף
צער-און פּינצטער-טעג?...

# אַ לחיים

גיסט אָן דעם כוס!
מיט אָנשלאָג צום ליכט־טאָג,
פון דער פינצטערונג אַרויס.

אַ הויך־טרונק פון שרף־שאַרפן! —
פאַרן וויסטן עול אַראָפּגעוואָרפן.
לאָמיר שנאַפּשקען, טאַנצן, העצקען זיך
מיט אַ הורא געשריגן אָנפּויקנדיק אַ טומל
און זיך וויגן צום הימל —
ס׳שופרט משיח!

זיינע שטריק לאָמיר צעבינדן,
שטורקאַצן אָנצינדן
ראַדיאָירן צו די פאַרשווינען,
וואָס די הויכן באַוווינען,
אַ סאַלוט!

הערט!
ערד רעדט!
נאָך זון רעפלעקסירנדיק רויט
דעם שאָטן פון טויט,
בין איך צעפליגלט מיט אַ חלום
פון ווייסע טויבן,
צעוואָרקעט
פון שלום...

## ווינד און וויי

וויי!
ער — מוראדיק פרום
איז ניט מער מיוחס,
ווי דער צעשריגענער
ביינאַכט
איבערן שטעטל אַרום —
אַ צעיאָגטער מיט די רוחות
פון צעשטורעמטן שניי
און די זאַווייען,
צעשוויפּטשעט מיט פייף —
פון שלאָף קינדער אויפשרעקן,
פאַראומערטע
וועלף אין די וועלדער צעוועקן
די הונגער-ווייען באַוואָיען.

ער ליגט, נשמהדיק שטום,
אויף זיין צעפּאָרן בעטל,
פופקענדיק לולקע-רויך,
וואָלקענעס ארויף שלאָגט,
און טראַכט ביים צאַנקנדיקן ליכט
וועגן דעם מטורף
אין דער היים, איבערן שטעטל,
יאָמערלעך צעקלאָגט.

אים דאַכט, ער הערט
אין ווילד-קוימענדיקן ווינט —
אַ משחיתדיק צעשטערן,
אַן אָנסאַזשען פון חושכן
ערגעץ וויכערדיק צעמיענט,
ערגעץ נאַכטעניש בלינד.

# רעטראָספּעקטיוו

מיין מוטער באַשע

פון זכרון ניט אויסגעוועפּט —
שווימט אויף מיין מאַמע
מיט קאַנען פולע,
פון ברונעם געשעפּט,
אַ שווייגענדיק שטילע,
פאַרצרהט מיט צער
און מיט אַ האַרץ אַ ביטערס.
דאָס וואַסער געטראָגן — ניט ווי פאַר
קאָכן, טרינקען, אַ כלי אויסצושווענקען,
אַ העמד זשמיקן און וואַשן —
נאָר טרערן פון די „מוטערס״ —
דאָס בית המקדש צו לעשן...

גאָט, אחד!
דאָס תמימות אין איר פייכט אויג —
אַ תרעומות, ווי עסנדיקע לויג,
האָט אין מיר זיך פאַרשווענקט —
און אין די אָדערן איינגעקרענקט.

אַנשטאָט דיר אַ לויב,
צי אַן עולה אין פייער און אין רויך,
אַ קרבן, אַ ווייסע טויב —
גייט אויף דער פאַריבל,
ווי געצינדענער שוועבל;

פון מוח־מזבח
גייט אויף אין אַ זין־בילד
אין מיר
דיין שולד קעגן איר —
אַ פאַרפינצטערטע אשה.

איבערגעבליבן און אין בלוט צעטריבן
איז די עוולה בירושה;
אין רעיון איינגעשוואַרצט,
ווי אַ זאַלציקס די „רין־רייערן" פאַרשמאַרצט,
און אַנשטאָט דורך דיר אַ קדיש —
בין איך זי מיט אַ טרער מחדש,
אַ פאַרביטערט־פאַרביסענער פיין —
אָן געוויין...

## פאַרשריבן

אוים קריליק פון „אַ פייער־קראַ״
איז די פעדער אַן אויסגעפליקטע.
ניט מיט טינט פון שוואַרץ און בלאָ
ווערט ס׳חרמותדיק־פאַרצוקטע
געשריבן אויף פּאַפּיר.
יעדעס אות אַ מחבל־רע
אַ פאַרסאַזשעטער;
יעדעס וואָרט —
דושנע־רויך,
געשפּענסטעריש, ווי אויף חרוב־ווענט,
אין אַ סתירה־שפּראַך פאַרצייכנט
מיט פאַרסמאָלעטע ציטער־הענט.

סיטרא־אחראס זענען ניט בחינם
מיט סוטה־כוחות
אַרויסגעשטויסן פון גיהנום —
געשטאַלטיקטע פייער־רוחות...

וועמענס זענען זיי קרבנות —
עולה־פלאַקערן?
צו וועלכן גאָט, אַן רחמנות
א רשעות־ברען צעאַקערן?

הימלען! אין אייך איז ווי באַשאַפן
איבער צעשטערטער שטאָט
אַן אויג אַ שרפהדיקס פאַרלאָפן
רוגזהש רויט מיט בלוט.

אין אויוון ביי אייך צעברענט,
אין די דעמערדיקע פאַרנאַכטן,
טינקט ער די פּען מיט ציטער־הענט
און באַשרייבט אַ פלאַקער־ווערעמדיקן נעכטן.

אויס קריליק פון „אַ פייער־קראָ"
איז די פּעדער אַן אויסגעפּליקטע.
וואָס זאָל ער טאָן אין פאַרנאַכטיקער שעה
מיט ווינטיקע וואָלקן־רויט צעוויגטע?
טינקט ער איין אין גלי די פּען
און שרייבט פון האַרץ
אויף חושכדיק פּאַפּיר
(מיט בלינדן אויג פאַרטרערט)
דעם אומקום־שיר
אין די תחתיותן געהערט...

## צערייס דאָס ליד

דאָס ליד וואָס האָסט אָנגעשריבן,
אין פערז געפּרוּווט פאַראייניגן —
צעלאָז אויפן ווינט,
אַ ניט־גוטער פון ערגעץ פאַרטריבן
זאָל דאָס שוויפּטשעריש דורכלייענען.

אַ שאָד — האָסט זילב געציילט,
געפּיילט, געשניצט,
אותּ פעדערדיק פאַרקריצט,
ווערטערדיק אויסגעקלינגען
איבערצווזינגען
מיט אַ ווידער־טריל פון זעל.

ווען ערט וואָס רגע און מינוט
האָט געפּיאַווקעט פון דיר דאָס בלוט?

ווי אַ בין צעזשומעט
אַרום זאַפטיקער רויז,
איז דיין נשמה צעברומט
אין שחרדיקן אויפבלי,
אין בין־השמשותדיקן פאַרגלי.

אַ, אָנגעזייגט האַרץ
מיט נפש־צער!
זאָל זיין וואָס האָסט אָנגעשריבן,
ווי אַ געקראַ פון אַ וואָראָנע,
אַ שוואַרצפליגלדיקע אַרומגעטריבן,
געמאַניעט פון לבנה.

און אַ באָבע אין ברילן, איינגעטריקנט־דאַר,
באַגלייט מיט גרילן־טשירפּ,
זאָל פֿאַר דער גערער מכשפה
אין הימל פּירלייענען,
און ווי מיט אַן אומזיניקער תחינה —
אירע זילבער־נעכט באַוויינען.

# ש נ א ה

אין הונדערט אויוונס אויסגעהייצט
איז מיין שנאה,
דורך די מרירה־ליפן — אַרויסגעפּלייצט,
פון דער נעכטן־וויסטעניש
דיבוקדיק באַזעסן,
זעל־זשאַווערדיק צעפרעסן.

אָ, נפש מיט כזבים געכאָוועט,
אין זיך ווילד צערעוועט,
ווי אַ רינדן־באָק,
פאַר אַ זינד ארויף געעולהט אין אַ כהן־מיץ
אויף אַ מזבח־פייער
צו אַ תוהו־ובוהו־געץ.
דער בליץ אין אויג
איז ווי פון אַ קאָברע אַרויסגעשפּיזלט
אַ פייער־יאַשטשערנדיקן גיפט.

אַ גאַל־גרינע
זידיק הייסע
איז מיין געגאַווערטע סלינע
פון פיעניעדיקן מויל
מיט האַס,
וואָס טוט קללהק פאַלן,
אויף קעפ און ביז אין דער ריפּ
פון מדריכים־שיכורים מיט שקרים —
גרעפּצענדיק פויל
אַ דער־גערוך פון פעך.

## כ׳טראָג זיך דורך

דבקותדיק אין פּלי
טראָג איך זיך דורך אויפגעוואַכט
אויף די פּאַליעס פון צייט,
אַן אויסגעחלומטער
לאָז דעם גלי
אונטער זיך פון אויסגעברענטן מעת-לעת.

מיטן גאַפנדיקן בליק
כ׳זע ס׳שוועבנדיקע לעבן
אויף שעהן-פליגל —
אַ וווּנדער-נס
מיט אַ קאָסמישער חתימה אָפּגעזיגלט
אין שפּרייטנדיקן רוים,
אין רויט-האָריזאָנטישער ווייט,
אויף גראָזיקע פּלאַנץ,
אויף בלעטערדיקן בוים,
אין שטראַלנדיקער זון
אויף בלומס טויאיקער טרער
פון איר ריחדיקער פרייד.
איך דערהער: — אַ צוויטשער אין וואַלד,
פון טיף אַ פויגל-רוף,
רויש פון אַ וואַסערל, שטראָמיק צעקוועלט
אין אַראָפּלויפנדיקער ריקע...

אין יעדן בליק שטעמפּלט זיך אָפּ
דער פּלאַטער פון נשמת-ווינט
איבער שאָטעניש און בלענד.
איך כאַפּ אויף
די טרוים-געוועבן,
די שתיקה —
אַן אָנגעהויכטע, אַ ניט זעעוודיקע,
זייגנדיק ביזן טויט דעם חיות-סוד...

איך יאָג דורך די ניט אָנגעטאַפּטע צייט
אויף אַ פּאַליע-תּפֿילה
פון שטראַלנדיקער זון,
וואָס שטעמפּלט אָפּ אין געדעכעניש
און נשמהדיק טיף
דעם רירעוודיקן תּוכן,
דעם צאַפּל אין מפֿונקדיקן גוף.
מיט בריענדיקן סאַפּען
ברען איך זיך אויס אין די תּאוות
צו אַש און קויל — מיט אַ זוכעניש אין כּל-עולם,
אָנצוכאַפּן דעם בין-השמשות וואָס פֿאַרשווינדט
אונטער די הענט,
ווי אַ שימערדיקער חלום.

# אַ תחינה

פיר מיך, אלוהים,
מיט מיינע זינד
אַריבער די שוואַרצענישן רויע,
וואָס צוימען די תהומען
פון תוהו־ובוהו.

שענק ראיה מיינע בליקן,
אין דער טיף פון אָפּגרונט
אַראָפּצוקוקן,
ווו ס'איז פאַרבינדט אַ חושך־ווונד
פון אַ נופל־שד
אין שלאָף פאַרשוויגן איינצוליגן.

פיר מיך איבער מוראדיקער גרענעץ
פון אומקום און הבל־עולמות,
ווו דו הויערסט אייביק
אין אורהייל, פון לאַנגווייל,
מיט אַ פינצטער־גענעץ
צו דער פוסטעניש,
ווו ס'איז צעניט און צעניינט
דער נעכטן און היינט
און זעסט די צייטן־קראָ
דעם מאָרגן דזשאָבען
מיטן שנאָבל־שפּיץ
אין דעם גאָרנישטאָ
פון דער ווסטער טיף און ברייט פון אויסשפּרייט.

ווי אַ קינד ביי דער האַנט
פיר מיך אַריבער די גיהנומס,
ווו ס׳שרפהנען די זונען
און ווו דו זוכסט זיך אַליין,
ווילסט זיך געפינען
אין טויזנטסט-רגעסטל-פונק
פון יהי אור...

פיר מיך איבער די איים (עתיד-אינדזלען
וואָס טוען די צייטן צערוקן) —
איינצואייביקן זיך אין וויגנדיקן קיום.
טראָג מיך אַריבערן נעפּל
פאַרנע, כמאַרנע —
איינהיל פון דיינע נצחדיקע סודות,
וואָס ווערן כהרף-עינדיק פאַרביטן
אין טומל-פייערן,
זיך יאָגנדיקע איבער די הימל-מדבריות
מיט אַ געברום פון כוחות,
וואָס ברויען און וואָלקענען אויס דיין גרויס
אין בושעווענדיקע רויכעס
הויך דונערדיקע
אין די נישטעענישן פון רוים.

אלוהי, אלוהים!
פון וועלטן צעהאָנגענע און פאַרגאַנגענע,
געהיימע און אומהיימלעכע,
אויסגעלאָשענע,

און אין דיין ליכט געוואַשענע
אויפגעשטורעמטע מיט סמבטיון —
דו, פול מיט דיין כבוד
אין מלכות קדישה,
שכינהדיק לעולם־ועד —
פיר מיך אַריבער די טאָלעקעס פון „אבדון",
אין דער שעה,
ווען איך וועל זוכן רו
אין דער גרויסער פרעמד
מיט אימה־פינצטערניש
און מיט כל־בלענדנדיקן שיין —
לאָז מיך ניט אַליין
מיט די ביטערנישן אין זיך איינגעשוואַמט,
בלינד, בלינד,
אין אַ פחדיקן עלנט...

# ציגד ליכט

צינד ליכט.
זאָל דער געלער חלב־שיין
אויסברענען די פינצטער־נאַכט,
וואָס זי־רוחות צעווייבערט,
האָבן אין ליילעכער געבראַכט —
זאָל שנעל דער חושך צעגיין.
ניט שיכורן זאָלן זיי
מיט זייערע חתנים פון תהומען זאַנאַדעט,
וואָס האָבן פאַר זיי ווייִרויך געטשאַדעט.

צינד ליכט.
זאָלן די דיבוק־קאָשמאַרן
פון די מוחות אַרויסשפאַרן
כליפּענדיק געוויין!
ווי אַ מחבל וואָלט געפּידלט
מיט אַ גרילצנדיקן בויגן
פון „קאַצן־סטרונעס" — אַרויסוויברירט,
אַ יאָמער ניט געשטויגן,
אין דרימל־רעיונות פון זינען גערירט.

צינד ליכט
זיי, מיט געשריי,
איבערן וויסטן קאַפּויער,
ווו שטן־שד טוט די תפילות צעזיפן
פאַר שקצים, שרצים —
אַריבערצוהיפּן
די שרף און חרוב צעדרינזשעטע שוועלן,
ווו ס'קאָן אַ בן־אָדם די טריט דאָרט ניט שטעלן.

צינד ליכט.
די לבנה מיט איר שיין
איז אין וואָלקן פינצטערניש אַריין
נאָכן גיהנום פון צעשפּליטערטן אָטאָם
אין הימל געפונען,
ווו לילית האָט פון אים בליצן געשפּונען.

# צימבלען

קומט צימבלען אַ ווירוואַר־שיר,
אין דעם דרויסן —
פאַרצאָגטע,
הויט און ביין, פון נויט געצוואָגטע,
פאַרשלומפּערטע, אומגעלומפּערטע,
וואָכיק מיד, קומט צימבלען אַ ליד
אויף אַ באַנדורע.
אַ געזאַנג פון קאָלדוניאַ,
וואָס לאָזט וויסן:
אויפן בלאָען בוידעם הוליען שדים,
חלומות שפּינען;
ס'האָט אַ מכשפה פון דער לבנה
גאַנצע שטיקער אויסגעביסן;
ס'האָבן ווינטן ליכטלעך אויסגעלאָשן אין הימל —
אַלץ פאַרפינצטערנדיק אין אַ דרעמל.

לאָמיר צימבלען דאָס ליד פון דער קאָלדוניאַ.
זאָל מען מיינען, די הערצער ביי אונדז וויינען,
נאָר ווער פון שמאַטע־שעלטערן, עיפּוש־שטעט —
דורשט נאָך פרייד אַ טראָפּן — אין די קעלטערן,
אונטער קרישטאָל־שלעסער, זענען פולע פעסער
וויין און מעד.
קומט צאַפּן, דעם טרויער פאַרטרינקען, אַ האָפּקע כאַפּן.
פאַרקנאַקט, שיכורע, צום טאַקט,
נאָכן שלאָג אויפן באַראַבאַן און פייערפאַן,
פון צירקוס־פויקער און גאַסן־האַוזקער
וואָס שטיפט בופאָניש,

רופט אין לייוונט-ביידל,
ווו די מכשפה מיטן רויטן שלייף
און פוקסן-וויידל,
זיצט אין אַ ריטל־שטול, איבערן כישוף־קעסל,
וואָס זידט מיט פּאַרע,
שפּרעכט און זאָגט דעם „מזל״
פון די גייסטער־רוחות,
וואָס זידלען
און סקריפּען אויף מטורף־פידלען,
קאַראַהאָדן, ווי אין ווינטמילן,
ס׳פּוסטע וויסטע אָפּצוקילן
אין די אין־זיך בלוטן.

קומט צימבלען, אַ ליד,
אַ שוואַרצזיכטיקע אומליכטיקע,
פון דלות מיד...
קומט צימבלען אַ הוראַ, אויף דער באַנדורע,
ווי פון קאָלדוניאַ דעם הויקער לודער, אויף קאַצן־אָדער,
פאַרן אויער — אַ ליטורגי־טרויער,
אַ שוידער נאָך דער לבנה,
צווישן וואָלקן אויסגעדראָשן,
מיט אירע ליכטלעך אויסגעלאָשן,
צעווינטערט, איינגעווינטערט אין „הוידעם־בוידעם״.

## „דאָנער-וועטער“

„גענדזן-טריט“ מחבליש טיקן
אויף הענגל-ברעטער פון אומקום-בריקן.
ס׳מאַרשירן קנעכט צו אַ בלוט-געפּעכט
פאַרן „הון-עגל“.
שטאָל-פייגל פליגלען, זשומען, האָגלען,
אַ מות-געשטעפּ, אַ פייער-גרויל פון לופט-מויל.

מעהיניעס פון טורביניעס שטויסן אַרויס אין דרויסן
מיט האַסט נעפּל-סם געגאַזט.
אַ ציטער, שמעטער, צום פאַרטויבן, אַ פּרעס פון פייער-שטויבן
פאַר מהומה-געטער, בליציק צעצינד רויכיק בלינד,
געגרויט מיט טויט אַ פּאַפּקען, האַווקען,
פון קאַנאָנען און פּולווער-טאַנקען, דונערדיק צעקנאַלט, גיהונמדיק צערעדט
וואָס „בליוועץ“ הריסה און פאַרוויסטן שטעט.

אין דעם ווילד-געהול, אויף פירער-שטול אין „שוואַרץ-פעלדזן-וואַלד“,
לויערט „אָדם-געשטאַלט“, הויערט אולטראַ-שלאַנג, געדאַנקען-קראַנק,
שלינגט פּילן, משוגעת אויסצושפּילן
וועגן נצחון אין פלאַם און אין רויך צעשריגן.
אין „וואַלהאַללע“ פאַר זיין בליק : — די ווינטן
קערן זיך אום צוריק, קרוע-ובלויה,
אין די אָרעמס פון ווירבל-שטורעמס,
מיטן לעצטן אָטעם פון מענטשן-בריאה.

אין זיין „גן־עדן“ — מיידן פון „ניבעלונגען“
אויסגעבאָדן אין „ריינגאָלד־טייך“,
„ברונהילדעס“ און „פלאָשילדעס“
זינגען וועגן „מילעניום־רייך“.

און איך,
מיט אַ קללה אין האַרצן,
טראָג האַס אַרוים אין גאַס,
און מיט א שנאה־בליק כ׳קוק
אין דער שקיעה,
צעגליט ווי אין בלוט,
צעפלאַמט,
און איז ווי ווונד צערינט,
מיט פלאַקער־גיפט, וואָס טריפט,
סמט,
ברענט מיט פייער־שרעק,
די וועלט אַוועק —
ווו מיט לעצטע כוחות „אויוון־רויכעס“
נעפל־שלאַנגען ווערן צעגאַנגען.

# אין דער לעצטער מינוט

אין לעצטן ציטער
פון אַ געהאַנגענעם אויף דער תליה,
אַ געפאַלענעם ריטער,
אַ פאַרגוססטן מיט דער וויע
(אין נאַרקאָטישן פאַרטייב),
אַ פגרדיקן הונט,
אַ פאַרוווּנדעטן לייב,
אַ פיבערדיק קינד (אין וויג),
אַ זשומענדיקע פליג,
אַ בין אין געוועב פון אַ שפין,
אַ פלאַטערל אין פלי און צי צום ליכט,
פון אַ ראָבל אין אַן אָדלער-שנאָבל,
אַ פויגל דורכגעשרויטלט אומגעריכט,
פון אַ שלאַנג, מסוכן קראַנק; —
אין לעצטן ציטער פון אַ שטראַל,
אין אַ שפריצל רויט
אויף אַ שעכטהויז-וואַנט,
אין העלדזל פון אַן עוף
פאַרן חלף אין אַ האַנט;
פון אַ מאַמען פאַרמאַטערט צום טויט,
(מיט אַ זייג-קינד אין שלאָף),
אַ באָבע מיט אַ שמייכל,
אויסגעשעפט, אָפגעלעבט,
מיט זאַפרענעם אין דער הויט —
אין לעצטן ציטער ליגט דער סוף —
דער אָטעם באַזיגט.

מעגן זיין מיט זון פֿאַרגאָסן
די דעכער פֿון הייזער, —
שטאָטזייגער־ווייזער — צעהעלט
אַרויסגילדיקן די שעה;
מעג שימערן דער טוי אויף יעדער רויז,
אויף גראָז און בלום אַ צעפֿאַטלטע גרויס —
אין אַזאַ מינוט
ווערט די נשמה שווער.
פֿון אויג טריפֿט אַ טרער
מיט ברי און גלי —
אַריין אין דער וועלט.

# ווינט

ווינט, וויכער־ווינט,
רווישיק־ווילד, מיט כעס וואָיענדיק צעבילט,
אור־משוגעת, שרעק אָפּגעבונדן פון אומזין־שטריק,
מיט אַ זאַווערוכע־ברען,
וואָס בושעוועט אוים אַ פּאַטאַלע בהלה.
משחית־רוחות רייטנדיק אויפן שטורעם
איבער מיראַזשן־בערג
אויסגעדאַכטע, אויסגעטראַכטע פון אַ צעדולטן טרוימער
אין מוח, מיט צעשרויפטע נערוון און דמיון־גרילן
אין אַ קראַנקן חומר פאַרכטעניש
דעם צעהיצטן שטראָם פאַרקילן.
איך הער זיך צו צום פּאָהיבעל:
אויפגעשטויסענע פאַרפעסטעטע־לופט,
וואָס זיפּצט און רופט דעם דרויסן
אַזש צום פאַרטויבן —
די ערד אונטער זיך צעשטויבן.

ווינט, וויכער־ווינט,
רצחהש בלינד
משוגעת־געפּעכט,
צאָרנדיק צעבלאָזן:
אַ פו—הו— הו—הו!
איך הער זיך צו:
צום געוואַי
מיט פּחד,
מיט מורא,

ווי ס'ווערן פאַרצוקט, צעפּליקט,
רגע ביי רגע,
שעה ביי שעה,
אין דער נאַכטיקער שחורה,
און ס'ציטערט אין מיר אויף
אַ תּפילה, אַ געוויין,
צו וועמען?

מיט אַ טיפן קלעמען אין דער דאָזיקער נאַכט
פיל איך זיך אַליין,
ווי אַ פּאַר־פאַרלאָשן ווערן,
אַ ליכט, וואָס פאַרטאָפּעט אין חלב אַריין,
מיט ציטערנדיק רויכל.
אָ גאָט, זיי מוחל!

# מיין פרייד

די הענט צעשפרייט
אין מיטן פעלד
ציטערנדיק דערהויבן,
מיט אַ פאַרכט און געפיל אין זיך,
די אויגן אין דער בין-השמשותדיקער
פראַכט אַריינגעהימלט —
טראַכט איך:
ווער קאָן מיט פידל און מיט בויגן
אויסשפילן דעם געמיט,
דעם דמיון, וואָס קאָן אַ וועלט אויסדענקען,
בענקען, גאַפן, און זי איבערשאַפן?

ווער קאָן אויף אַ פלייט
אויספייפלען אין אַ נשמה-ניגון
דאָס געזאַנג פון זון-פאַרגאַנג?

ווער קאָן אויף די שפורן פירן
צום „אור-המאור",
דעם סגי-נהור,
שטאָק בלינדן,
וואָס שטרעקט די הענט
צום בלענד פאַרנאַכט,
צום ליכט מיט אַ גסיסה אָנגעצונדן?

ווער קאָן מאָלן מיט אמונה, בילדערן
מילד אַ גאָלדפאַרב-וועלט?

וועט דעם פויגל וועגס געלונגען
איבערצווזינגען
— ערגעץ אין אַ שאָטנדיקן וואַלד
מיין שטילע תפילה, נשמהדיק דערוואַכט,
די בענקעניש אין בליק, דעם פלעמלדיקן ברי
צום קופּערוואָלקן
פון דעם פייערדיקן פאַרנאַכט,
וואָס פאַרטליעט,
אין אייגענעם גלי?

## הענגען זאָל אַ שלאָס אויף דיין מויל

הענגען זאָל אַ שלאָס אויף דיין מויל,
אין דיין פּען זאָל טרוקענען די טינט,
דער בליי — ברעקלען זיך אין דער האַנט
די קלעזמער-סטרונעס פּלאַצן —
אונטער דיין פינגערדיקן באַריר.

אַרויסברענגען ניט קאָנען זאָלסטו —
ניט אין שריפט, ניט פון מויל,
און ניט דורך קלאַנג-וויבריר —
די יסורים וואָס ברענען
אין די אָדערן, ווי צעגליטע דראָטן.

אין פינצטער-שאָטן
פאַרגולמט זאָלסטו אויף דיין חורבה זיצן
און נייען אַ שוואַרצע סויווע
(פאַרן לעצטן דעך)
מיט תכריכים-שטעך.

אין די ווייטיקן פאַרצויגן,
אויף דער פאַרנאַכטיקער שקיעה
זאָלסטו הענגען דיינע אויגן,
און דער צער וואָס שפּאַרט פון דער ראיה
אַ פייכטער
צום כוח פון דער השגחה,
זאָל זיך איינעגמתן אין זיו פון דער להבה,
וואָס יאָגט, וויגט די וועלטן
במרכבה

איבער דעם בראשית אַרוים,
פֿאַרערבט און פֿאַרחרובט
זאָל זיך איינטונקלען
אין אַ ליקוי־חמה
די ליכטעניש גרוים.

## ווען כ׳פֿאַרמאָג

ווען כ׳פֿאַרמאָג אַ שפּראַך,
איינצושכלען אין געדאַנק,
איבערלאָזן אַן אשיקן שפּור
פֿון נשמהדיקן אויסברען,
אַ שאָטנדיקן נאָכקלאַנג,
וואָס שורהט זיך אַרום האַרציק שוואַרץ
פֿון מחבל-פּען...

ווער ס׳וועט עפֿענען דאָס בוך
צו האָבן רחמנות אויף מיר —
זיין וועט אַ גאַליקער לאַך
אַן אָפּצאָל פֿאַר די נבל-פּה, אָנגעשריבן
אויף ביבולע-פּאַפּיר.
— שטורמיש אויפגעטריבן
איז רוחותדיקע וואָרט
מיט טינט-פֿלעקן
מחשבות אויפצושרעקן
אין פֿאַרשלאָפֿענע נשמות,
זיך וואַלגערנדיק צווישן ספּרימדיקע שמות
אין אַ שימלדיקן אָרט.

ווען איך פֿאַרמאָג אַ שפּראַך
אַ דבור-אויסברוך פֿון אַן עמוס, אַ שטראַלנדיקן שטאָך,
איינצושרפֿהנען אין שכלדיקן מוח,
כאָטש איבערצולאָזן אַן אָדם-שפּור
פֿאַר קומענדיקן דור
צום געדענקען:
אַ פֿייכטן בליק פֿון אויג,
פֿון וועם אַמאָל
אַ קריק-צאָל
מיר אָפּצושענקען...

# ער פרעגט

פון ציקל איציקל בעל־מגיה

ער פרעגט:
די כוחות אויסגעשעפּט, זיך אַרומגעשלעפּט,
ווו געליכטיקט — ניט גענעכטיקט,
אין בערג־געפלעכט גלות אָפּגערעכט,
דעם גוף־באַלאַסט אויסגעפּאַסט,
אויף ברויט מיט זאַלץ אַ לויט
זיך אויסגעטעגט...

אין די קליינע שעהען נאָך חצות, אין אַ פרעמדן הויז,
(מיט שוואַכער ראיה, אַ בעל־מגיה),
כ׳פלעג האָבן די מזוזות דורכגעקוקט,
צו היטן אין וויגל־מיטה — אַ שלאָפנדיק קינד,
קעגן לילית־שליטה —
כדי ניט דערלאָזן דערמיט צו די רוחות איילן,
און מיט שד ס׳רשעות טיילן.

וואַלד איין, פעלד אויס, פאַרוואָגלט
זיך אָפּשטעלן אין וועג.
ווען אויף אַ צלם גענאָגלט
אָנטרעפן כ׳פלעג אַ יויז,
מיט זיינע לייד, צעכראַסטעט און צעשפּרייט,
אַ זון־בלוטיקער (פאַרן חטא פון דער וועלט),
מיט רחמנות צעקוועלט —
וואָס זאָגן האָב איך געזאָלט,
טיף דערשלאָגן, נשמה־קראַנק אין גאַנג?

בוחן-לבבות,
איז מיר אַ שטול געשטעלט אויף יענער וועלט,
מיט שכינה-בליצן, נעבן די אבות צו זיצן,
נאָך די מחשבות-זרות, גריבלענדיקע שאלות
בלינדע תוהו אין האַרצן-קריעה,
אימה, שממה, פּוסטעניש און וויסטעניש?

אור הגנוז,
אין צווישן-וועלטן איז דיין פייער-קאַלטן,
וואָס שרפהט, טרפהט
זמנים, אופנים, עיגול-באַלעם און גלגלים,
פון ווו ס'פאַלן נאַכטיקע שטערן אין גאַר ניט ווערן.

איז אַ צאָלונג מיר, האַר,
אין די וויסטע לאַנקעס אַרומצובלאָנקען?
אויף עולם-התועה-וועגן אויסגעלאַשענע
זיך ניט אויף רו דערפרעגן?

איז דאָס אַ צאָלונג, האַר, פאַר פּסול אות
וואָס געפונען אין דער תורה,
און איך, מיט טבילה און תפילה,
אין יראה און אין מורא,
חלילה ניט איבערצוהיפערן בלינד —
האָב גע'כשרט דאָס מיט פען און טינט?...

## כ׳בין ווער ?

בין איך אַ קוימענקערער אויסגעריסט,
וואָס בעזעמט אויס
פאַרסאַזשעטע טרוימען,
צעטומלטע, פאַררויכערטע,
וואָס גליען
אין צעברענטע מאַרך־אויוונס ?

בין איך אַ „זעער",
„כלכוך־השור" צו דערזען,
ווען ס׳דרעמלט דער קאַיאַר
אין די פעלדזן־שפּאַלטן,
ליגן אין טונקלעניש באַהאַלטן
דער פוקס און טכויר
הונגעריק להוטע
עופות צו דערשטיקן,
וואָס זיצן אויף אייער מיט בייכער ווי פייער,
אַ נייעם דור אויספּיקן ?

בין איך אַ שמש מיטן שטעקן,
וואָס ווערט געיאָגט —
די פאָלעם אין ווינט —
צו סליחות וועקן,
די פאַרשלאָפענע אין זינד ?

בין איך אַ האָז אין גראָז
מיט פחד אין אויג,
פאַר דער האַווקענדיקער צויג ?

— ?כ׳בין ווער
אפשר דער,
וואָס מ׳טראָגט אַנטקעגן
אויף אילע וועגן
עמער פולע
?געוויכטיק שווער

אפשר דער,
וואָס טובלט זיין נשמה
אין אַזאַ בלינצנדיקן טראָפּן
פון דער גאַל — טויזנט מאָל
ביטערער און געזאַלציקער
...?פון דער טרער

# ע ר  ז אָ ג ט

ער זאָגט:
די טעג, ווי אָקסן שווערע,
ווערן געפירט צום לאַנגן נעכטן
מיטן אָפּגאַנג־חלף זיי צו שעכטן.

די וואָס קומען פון ווייטן אָן
מיטן קאַיאָר,
ווי בהמות אָנגעטריבן,
האָבן אין די פּיסקעס ניט קיין צאָן.
די יאַסלעס רויט און רוי
פון מעלה־גירהן,
דאַר ווי די הונגער־קי
אויפגעגאַנגען יעדן פּרי,
אָנגעכמורעטע צו שטאַרבן,
ווי אַ בין־השמשות־קרבן...

ער זאָגט:
אין פאַרשלאָגענע טעג אַזעלכע
פילט מען זיך מיד.
יעדע רגע פאַרפליט אין שווייגן,
פאַרגייט אָן תמימות, אָן תרומות,
אָן ווילן, אָן געפילן,
אין עבר זיך אַריינצושפּילן...

אין אַזוינע טעג —
מיט גופיקער וואָג אין וועג,
אַהין, צום שוואַרצן פֿאַרשפּין —
אַפּילו אַ קאַלעמוטנע טרער
אויף די ווייעס פֿון די אויגן,
וואָס ציטערדיק הענגט
און האַלט ביים פֿאַלן,
איז ניט מער,
ווי נאָך אַ טראָפּן
פֿון די זאַלציקע ווייטיק-קוואַלן...

## אַ בעל־חוב

ווי אַ מאַטילקע אין איר פֿלאַטערן צום ליכט,
ציט מיך צו דער זון
פֿון קינדווייז אָן.

ווען כ׳האָב אויף די ציינדלעך זיך געמיענט,
אין אַ ליילעך איינגעוויקלט
האָט די מאַמע אויף דער פּלייצע
מיך געטראָגן צום פֿעלד,
געזעצט מיך אויף אַ היי־סטויג
און איז אַוועק בולבעס גראָבן.

האָט אַ שטראַל פֿאַרבלאָנדזשעט אין מיין אויג
און זינט פֿון דעמאָלט אָן
לאָקט די זון...

ווי זי וואָלט מיך יונג,
פֿון די „טעמנע־זוויערן״ *
ביים לעבן באַשוווירן
אין מיין שאַרבן
צו וועבן הייליק־היים
די מראה פֿון גאָלדענעם חיות,
העקלען מיט די שפּיזל־דראָטן
און פֿאַרשפּינען
מיין אייגענעם שאָטן...

---

* די צווישן־בערג־שפּאַלטן

ווי אַ מאָטילקע אין איר פלאַטערן צום ליכט,
ציט מיך אינדערפרי
און פאַרנאַכט
די זון צו זיך,
זייט קינדווייז אָן —
ווען הויך אויפן היי־סטויג
האָט אַ שטראַל פאַרבלאָנדזשעט אין מײַן אויג,
און הימלט,
און פלעמלט...

## דיינע חלומות

דיינע חלומות,
אימהדיק ווּיסטע,
אוּיס די מוח־תהומות
פון אַ בייזן לץ אַרויסגעשמיסן —
זענען כימערעס,
דמיון־שלעק,
טיגער־קעץ, שרצים,
שלענג מיט טאָפּל־קעפּ און הידרע־צעפּ
פון מייז צעביסן.

ס׳בורטשן אַרויף פון די טיפענישן
זיילן־גאַז, אַ שנאה־שוואַרץ,
אַ טכוירן־סם,
וואָס שטיקט און קרעלט.

וואָס וואָלט מען זאָגן,
מ׳זאָל זען
איבער דער שוועל פון דיין טיר
אַ פּגירה
אויף אַ מיטה טראָגן
פון שרעק־רוחות פיר
צו תחתיות־קבורה?

וואָס וואָלט מען זאָגן,
אויפגעטרייסלט פון קעלט,
ווען מ׳זאָל זען

פייער־פלאַקערן,
נבלות זיך צעוועקן,
רציחות זיך צעשיכורן
איבער דער וועלט?

דײַנע חלומות זענען כימערעס,
בלינדע קעץ,
נוגה־שלעק
פאַרסלינעט מיט סם,
שרצים
פון אַ מוח־לײַץ
אַרויסגעשמיסן
אויסן געדאַנקען־תהום.

דײַנע חלומות
פון שאַרבן
פאַרבן זיך אַרויס
אין רויטע פיבערן
פון הינטער־געוויסן,
משונה טויטן,
אין גייסט און אין לײַב,
מיט טויזנט אַנגסטן אײַנגעפּרעסן.

# זיין פרום פלאַטערנדיק קול

ר׳ איציק שלמהן ז״ל

זיין פרום פלאַטערנדיק קול —
אין דער פרי־שעה
אַ שבת־חזון —
דורכן אָפענעם פענצטער אַרוים,
אַן אויסגעלויטערטער ברום,
אבות־אָבותדיקע נגינה
אין אַן איינגעהאַלטן געוויין —
ניט צו שטערן די שלווה־רו
פון דער מנוחהדיקער שכינה,
איינגעבלענדיקט אין דער זון.

אים באַגלייט האָט אַ פויגל־טריל
מיט אַ שוויפטש אַ טריבן
פון אַ בוים־נעסט
אין גאָרטן פאַר זיין הויז.
דאָס צוג־לופטל איז ערגעץ געבליבן
פאַרהאַלטן אַרום ערוב־תחום,
ניט אויפצוווייגן ס׳צווייגן־בלעטל,
דאָס הושענא־ריטל,
דעם ריח פון דער בלום,
דעם זומערדיקן חן,
צעבליט, צעשפּראָצט און שטיל אָנגעשפּיצט,
צום מעביר־סדרה זיין,
צו דער הפטורה,

מיט אַ התעוררות־ציטערנדיקער מורא.
ווי — פֿאַרויסגעזאָגט מיט אַן אימהדיקן ניגון,
פֿון אַן אָנקומענדיקער „ברען־שטראָף“ —
אַ שטאָטישער סוף,
אַרויסגעשבתט פֿון דער נשמה־יתירה,
און פּלוצעם דביקותדיק איינגעשוויגן.

## רוח־חי

איינגעטליעטער סוד אין פליסנדיקן בלוט,
רוח־נפש איינגעהויכטער
אין טיק־שלאָג פון האַרץ,
וועקנדיק די מחשבה
און שפּיגלט־אָפּ
דורכן אויג
אין מוח דעם אור־קדושה —
בליסקן־שיין פון לעבן.

איך זאַפּ איין דער טבעם בלי,
אין קאָליר־חלומות אויסגעשפּילטע.
איך פאַרנעם
דעם ציטער־פליגל־אינזעקטן־זשום.

איך שיכור זיך אָן
מיטן בלימלדיקן ריח,
מיטן צעגאָסענעם ליכט,
מיטן שטראַלן־תוך: חי־התמצית...

כ׳וועל פאַרבאָדן אין דעם בלענד פון זון,
וואָס נשמהט זיך אין מיר איין
און דעכעט און אָטעמט
אין דעם רויטן טריף.

סוד איינגעטליעטער אין גוף,
רוח-נפש.
אַריינגעהויכטער אין שטראָמיקן בלוט,
פון אויסגעווייקטן האַרץ —
פולסירנדיק צעקוועלט,
שלאָגנדיק דעם דופק אויס,
אַ ריטמיש-רגע-שטויס, אַ וווּרף,
וואָס ציטערט אויף דעם רושם-נערוו,
און פֿורעמט אויס אַ בילד-געשטאַלט,
און איך ווער פֿאַרגאַפּט,
הונדערט מאָל פאַרוווּנדערט,
פון דעם אור-מאורות,
און פון דור-דורות סוד-יצירה,
נשימה צעשוועבט —
רוח-חי
איינגעגעטערט אין דער וועלט.

# פלי, נשמה

פלי, נשמה
אויף די וויזיע־פליגל
פון יונגער בענקעניש;
פלאַטער־אויף אויף די פּאַליעס
פון אַן אַרויסגעוויינטער תחינה
אויף אַ גלגול־טרעל
פון אַ פויגל, אַ פאַרבלאָנדזשעטן אין וואַלד.

גיי־אויף, ווי אַ שטראַל־בלענד פון דער שכינה,
אין די בין־השמשותדיקע פאַרנאַכטן —
אין אַ זוניקן אָפּשיין,
ווי צעפינקלטער גאָלד,
אין אַ טייך אויפגעלויכטן.

שוועב־אויף
אין אַן אימה־צעפּליטערטן סוד,
אויפגעציטערט פאַרן טויט;
אין אַ תפילה פון אַ וואַנדערדיקן
אין דער וועלט —
אויף אַלע בית־עולמס קדיש צו זאָגן.

גיי־אויף
אין די וואָלקן־פייערן,
אין דעם צינדיקן חלום־וואָגן
פון דעמערנדיקן פאַרנאַכט
מיט אַ געבעט און מיט אַ יראה
פאַרטראַכט;
הייליק דיך אין פּחד,
אַרויסגעדופקט פון נפש,
צום הון, הון־המיחד —
„שם־אדוינאָי”!

# שונאים צו להכעיס

די בליץ־בליקן,
ווי בריטווע־שאַרפן,
וואָס ס׳שיקן מיר פיינט,
וועל איך צוריקוואַרפן
מיטן קוק,
ווי דאָס „לבנה־בלימל״
דאָס „פּאַראַזיט־פליגל״
מיט איר שטעכנדיקן אייגל,
וואָס פּאַספּאָרט און סמט.

ווי אַ קינד,
וואָס מיטן הענטל צילט,
די גאָלד־זאַנגען
פון הימל־טעלערל דערלאַנגען —
אַזוי ציט מיך
צום האָריזאָנט
רויט־ראָזיק־פּאַרפלאַמט —
און מיט אַ כליפּען,
אין דער זשמעניע כאַפּן
אַ שטראַל —
ס׳זאָל מיר זיין
אויף די נעפּל־שליאַכן
אַ שיין
צו להכעיס די,
וואָס קוקן מיט קנאה־בליקן
און לאַכן.

# שקיעה־צייט

ס'האָט דאָס בלאָ־טונקלדיקע גראָ
פון אירע ערגעץ־טיפן אַרויסגערופן
אַ ציטער אין דער זון,
דאָס פלאַקער־אויג
איינגעברעמט צווישן הימל און ערד —
בין־השמשותדיקער ווערט.

די צייט שווינדלט אַוועק.
שאָטן און ליכט
שפּיגלען זיך אָפּ:
טונקל און פינקל,
שימער און דעמער.

איך שעפּ אין זיך אַריין
דעם צווישן־שיין
אין מיין פאַרטערטער ראיה.

מיט בלישטש־פעדעם זוים איך אַרום
די דורכזיכט־געוועבן
אין דעם קאַפּריז פון לעבן.

ס'געמיט, פאַרשיכורט מיט אַ ליד,
איז אַ געזאַנג צום זון־ליכט,
וואָס פאַרגייט אויף איבער נאַכט
אין אַ חושכדיקן חלל,
און וועט אויפגיין אינדערפרי
אין מזרח־זייט
אַ פייערדיקער חלל.

# ווי אַן אָדלער

ווי אַן אָדלער מיטן אומרו אין בלוט,
שנעל פולסירנדיק,
פלאַטער איך אויף
מיט הכנעה און געבעט,
פלאַפלענדיק ווי אַ קינד.

כ׳וועל געטראָגן מיטן כוח פון באַשאַף
אויף אַ וואָלקן קריע
צום זון-פאַרגאַנג —
אַ פאַרביקע תפילה.

מיט די הענט אויסגעשטרעקט,
יאָג איך זיך
אויף די קלאַנגיקע כוואַליעס.

כ׳דעכע אוים אַ הללויה —
אַן אויסגעהויכטע חיות
טיף אויסגעוויייטיקט פון דער נשמה אַרוים.

ווי אַן אָדלער פעדערדיק-שוואַרץ,
מיט שנעל פולסירנדיקן בלוט,
פלאַטער איך אויף
הכנעהדיק אין געבעט
אויף די פאַרביקע
קלאַנגיקע כוואַליעס
פון מיין האַרץ —
אַ מנחה-אויפמאַן
פאַר דער פאַרגייענדיקער זון.

# בין־השמשות

לאָמיר אויפגיין אויף די שמאָלע סטעשקעס
פון ציטערדיקן ליכט —
די התעוררות־פּאַססמעס
פון צווישן־צייט.

לאָמיר נאָכקוקן
מיט פאַרזשמורעטע אויגן,
דעם פאַרבלענד פון טאָג.
מסתּם
פּאַר אונדז ביידן, שוין אַזוי,
אין אַ בין־השמשות פאַרבענקט,
האָט דאָס לעבן, שימערנדיק, פאַרצאַנקט.

איידער די שטערן זיך צעווינקען,
די נשמה־שיפן זינקען
אין די שפּיגל־פּייערן אין ים,
מסתּם
האָט שוין ווער געזען
אַזאַ מנחה־קרבן
זיך עולה־זיין;
אַן ערפל־מלאך
מיט אַ גילדענעם לעפל,
אָפּשעפּן דעם שוים
פון דער זיך טאָפּענדיקער זון
ערב שטאַרבן.

# אומרו־בלוט

אומרו־גרעל און זעל צעוואַכט
בייזער חלום בילד־צעשויבערט
אין אַ שלאָפלאָז־טעמנער נאַכט.

פון צעהיצטן מאַרך
שפּאַרט אַרויס
פאַרכליפּעט,
ווי פון ערד מיט שרעק אַ פילגעשטאַלט —
יונג און אַלט —
אין אַן אויפשווים־סמאָלע,
ווי לאַווע־טאַרפן אַרויסגעוואָרפן.

בלוט־געפּעם אויפגעשוידערט,
היים צעאָדערט.

אַ גאַסן־הונט האָט רעכט צו וואַיען אין די נעכט,
ווען ער מיינט, די לבנה אויף זיין עלנט שיינט.

איבערדריסיק פאַרן אויג
זענען די מעשים.
גוג־מגוג,
פאַרשטיינט אין היינט, מיט טויזנט מוראס
אַריינגעהעפט אין דער צייט,
פאַר אָנקום־דורות.
איינגעקוואַרצט אין בידנער וואָר,
שפּענסטערט אַ ריז־פיגור,

אַ הריסה־מאָנומענט,
צו ווייט אומהיימלעכקייט צעברענט,
אַקעגן אָפּשיין אין האָריזאָנט־רויט,
שטאַרבנדיק אַ פּורפּור־טויט.

נפש־אש, זיך לעש
אין זאָט פון צעפּאַמטן הארץ.

אַ וואָראָנע־זי אין פּלי, אויפגעטריבן
פלאַטערט אַרום, קראַקעט, שרייט צעפליגלט,
איבער בערג, טאָל און וויסטן דענקמאָל,
וואָס פלאַקערט אין זיך איין שטאַרבן־שיין
פון דעמער־צייט.

פון אויבן אַרום וואָלקנס אָנגעקליבן,
קוקט אַראָפּ די שקיעה,
ס׳שטראַלט אַ זון־בלוט־פלעק
אויפן אָרט
צעבית־עולמט,
פון קראַנקן דמיון אויסגעחלומט.

## צ ע פ ל ו י ג ן

ס׳טראָגט מיך דמיון־שאָטן
איבער די קאַרפּאַטן
פאַרטרוימט, צעפליגלט,
ס׳זעט דאָס אויג: זון־אויפגאַנג,
רויט צעשוימט, בלוט־צעשפּיגלט
אין אַ וואַסער־פאַל,
מיט אַ הילכיקן געריויש
אַראָפּ אין טאָל,
ווו ווילד־געוויקס
איז איינגעשימלט אין אַ משוגעת.

צווישן פעלדזן־שטיינער,
אָפּרים־ברעגן פאַרלעגערט,
מיט עיפּוש־טראָנץ פון פלאַנץ —
אַ ווינט־וואָיענדיקער גרויל
טראָגט זיך דורך קנאָכן פון „חילולים״,
ס׳פּראָסטיקן זיך אַרום שוויפּטשערייען
פון גילגולים.

ס׳יאָגט מיך מיין געמיט,
זין־צעפליגלט,
אין קאַרפּאַטן־געביט.
מיין אויג זעט:
בלוט, צעשפּיגלט אין אַ קוואַל,
אַראָפּ די קאַטאַרק־שפּאַלטן,
אין איילעניש צום טאָל,

פאַרשאָלטן
מיט ווינד־און־ווייען
פון מרשעת־רע;
מיין אויער הערט:
אַ יללה איבער צעיאָגטע, ווינט צעפייפטע
נשמות אַרום די קנאָכן־במות,
ווילד־געוואַלט,
ס'אייביק שלומערן אויפצוויאָמערן,
מחבליש צעשריגן
די אולטראַ־הויכן,
מאָנסטער־פינצטערע
אויסטשוכען
און צעוויגן.

# פּראָפּונדיס

ער זאָגט:
וועמען אַרט מיין קרעכץ?
ווער באַקלאָגט מיין ריטשען,
ניט פאַרטראַגט ס׳אַרויסקאַוועטשן.
דעם ברען פון האַרץ,
וואָס שלאָגט אַרויס,
ווי „אַן אירישיפּלים־רויז״?

דער אין־זיך־רים איז אַ בים,
פון אַ שרץ אַ האָריקע, וואָס אייטערט
אַ ווילד געשוויר אין מיר.

אָנגעברייט און צעדולט,
איז דאָס פיבערנדיקע געמיט,
ווי קאָמאַרן אין מוח
וואָלטן חוזשען און זשומען,
ווי ביי אַ חולה־נופל.

בין איך, דער שפל,
בבחינת איוב?
צי אַ גואל פון גלגולים —
וואָס כ׳בין מחוייב
ביזן מאַרך איןביין אויסצושטיין
פּיין און לייד,
פּסאַלמען תהלים צו אלילים?

בין איך אַ „למד־וואָוו״ —
ווי אַ שאָטן זיך אַרומצושלעפּן

איבער וויסטע חורבות,
דעם צער פון קיום זייגן,
פאַרטשעמען די ציין און שווייגן?
מוזן די הינטער־שטראָמען
שרפהנען די געהירן?

דיבוקט אין מיר דער נוצרי־גייסט,
דער פּאַסטעך פון שאָף,
וואָס טוט די בלאָנדזשענדיקע פירן;
דער „חטא־פאַרגעבער"
פון ערב־רב,
וואָס צלמט איין אין זיין ווונד,
די כל־עולם־זינד?

בין איך ער
אויף פעלדער פוסטע,
אין ווילדע געגנטן אויף וועגן,
געקרייציקט מיטן „אלי־למה" —
צו הייליקן די אל־ברודיקע נשמה?

וויזיע מיינע! מיראַזש!
ווי אַ שוואַרצע ראָב
איבער אַ שלאַכט צעפלויגן,
מיט אַ בליץ־שרעק אין די אויגן,
אַרויפגעביטערט איז מיין גאַל
צו דער איינגעכמורעטער וועלט.
ס'איז מיין זעל פאַרטונקלט און צעקרעלט.

די רוחני־ווערעם נאָגן אוים
דעם טרוים;
הבל־בינען גיפטיקן דעם זינען;
ספק־מילבן מאַיליקן דעם מאַרך —
שוואַרץ־פעפערט זיך דאָס האַרץ.

איך מאָל מיט ווילדע פאַרבן
אַ משונה־בילד:
פּחד־כלבים אין רויטע זומפּן שטעקן,
וואָיען, בילן — בית־עולמס אויפצוּוועקן.

איך מאָל:
אַ פאָרמלאָז משוגעת!
גוזמאות, גולמות,
אימות אין מוח פאַרפרוירן.

איך זוך אויפן חושך־שליאַך
מיין נשמה־שאָטן —
אין ווילדן וואַלד פאַרלוירן.

קאַברע־גייסטער, אויף פון שלאָף!
האַלוצינאַציעס אויפגעפעכלטע,
טיף אין די פאַלבן פון צעשויבערטן לעבן —
פאַרוואָס אין מיר
דאָס אָנוואַרפן אימאַזשן פאַר מיין ראיה
אַ ווייסטעניש געדיכט?
רויכן פון פאַרלאָשענע נשמה־ליכט?

ווי די משוגעים
מיט מוחן היץ,
וואָס פּאָכען אַוועק —
די אָנגעפּליגלטע פאַר די אויגן —
נישט געשטויגענע פלעדערמייז,
דראַכן, קאָטערס, פּיפּערנאָטערס,
„שרץ־קעץ" —
כימערעס פון אַן אַלטן געץ.

ווי אין די מרה־שחורה־לייט,
וואָס תכריכימען זייערע יאָרן אויס,
פאַרבית־עולמען דאָס הויז,
קאַרבן אַריין מיט טשוועקעס פון דער צייט,
אין די טעג אויסגעווייינטע מעשה נוראָס,
אין געדאַנק געפלאָכטן,
שלעפנדיק אויף זיך דעם פגר־נעכטן,
וואָס האָט מיט טויטן־שפּילקעס
די מינוטן פאַרשטאָכן,
קריכנדיקע רגעס פאַרווערעמט,
וואָס האָבן געגורמט אים צו ציטערן,
דאָס חיות זיינס פאַרביטערן —
אַזוי אין מיר
יאָגן, ווײדלען די עבר־צווייטן,
בייטשן מיך, פאַרקרענקען,
טעג, ווי פינצטער־קנויטן, צאַנקען.

די „זדון-רוחות״,
וואָס מקריבן רויכעס
פון גיהנום,
וואָלקענען מיין בליק.

כ׳בין איינגעקאָרעניעט אין דאָ,
„פעכנע״ אויף אַ יעדע שעה,
ווייל די נאַכט זאָל ניט אַוועק,
ווייל דער טאָג זאָל ניט קומען צוריק.

כ׳וויכער אַריין אין דער נשמה
אַן אומעטיקן ווינט
זיך איינצופּרירן אין בלוט.

דער מאַרך איז צעביסן
פון קאָמאַר-פליגן
זשומענדיקע ווי בינען —
כ׳קען קיין אָרט זיך ניט געפינען.

ווּעמען אַרט מיין שלוכץ,
קרעכץ, דאָס ריטשען,
און קאַוועטשען?
דער ברען פון האַרץ,
וואָס שלאָגט אַרויס
ווי אַ איריסיפלים-רויז?
ווּעמען אַרט, ווען איך פיל זיך ווי אין אַ שרפה,
אין מיין אייגן הויז?
כ׳ווער געביסן פון דמיון-שלענג —
די וועלט איז פאַר מיר ענג.

## פאַכע אויס אַ צלם אין דער לופט

אין דער האַנט מיט אַ שווערד
פאַכע אַ צלם אויס
און קוים יעזוסדיק פרום —
אין אַ גליאיקן שאַריען
איז הימל-און-ערד,
אַרום-וואַלד, אין עק-וועלט,
ווולקאַן-וואַלקענדיק צעברענט.

הער דעם עכאָ:
אַ גראַבל-גרילצענדיקער גרויל,
אַ שרפהדיקער געוואַלט אויסגעשריגן,
ווי פון פיל-געווילד, וויסט-ווייענדיק צעברילט,
צו אַ חיה-לוויה.

מיט אויג פאַרטערט, פאַכע אויס אין לופט אַ צלם,
יעזוסדיק פרום,
איבער דער בית-עולם-ערד.

אַ געשטורעם כאָרכלט אָן —
אַן אָטעם עיפושדיק פויל
אויס אַ קבר-מויל מיט הרוגים,
פון דער זון ווי מיט בלוט פאַרשפּיגן.

קוים פאַרביטערט, פרום,
צום אויפגערויעטן שטיק ערד,
אויפגעיללהט
פון אַ וויכער-ווינט

און שדים־קעץ
צו אַ גולם־געץ,
זע
די רציחה־זיגן.

דער מזרח־פּרי
פאַרבט זיך רויט —
מיטן בלוט פון אַ שטאָט,
אין אַ שחיטה אָפּגעגאַנגען.

קום הערן גלעקער קלינגען
פון ערגעץ־ווייט —
אַ קלויסטערדיק באַדאַוועגען
דעם טויט
איינגענעסטלט אין דער צייט.

# פאַרן אַש־באַרג

דו שטייסט פאַרן אַש־באַרג
פון די קדושי־השם,
ווי פון אַ קויל דערשלאָגן,
דאָס רויטס — אין אַ שמאַרץ פאַרלאָפן,
גליווערנדיק פאַרקלעמט,
דיך נאָגט,
אַ זעל־אָדער צוקט.
די ליפּן ציטערן פאַרטשעמעט,
דאָס אויגן־זאַפט איז אויסגערינען.

הויך קדיש אָפּצוזאָגן —
ווילסטו גאָט געפינען
אַרויסצוזאָגן דעם געשריי וואָס ברענט
און בראָט דאָס האַרץ,
ווי די ביטערניש זידט אוים
אַן אָקריפּ־געוויין.
אַ הארבע פאַרע שפּאַרט אַרויף
אין האַלדז און שטיקט.

דיך אַרט ס׳אָבל־וואָרט,
שפּאַרט אין קעל,
אין גאַל, ווערט שטיין צעגליט.
אַ טיפער וויי בריט און שטעכט
אין רויער ווונד.

פאַרחושט, די נשמה איינגעפּאַשט
אין אַ זאַלץ,
וואָס פרעסט וויסט
די צעשיטערונג אין דיר.
מיט ליפּן ציטערנדיקע
פאַרטרוקנטע בלאָ
שטייסטו אין אַ שבֿעה —
אַ זקן צעבראָכן גראָ
שטום איבער די קדושי־השם,
מיטן בליק אין באַרג אַש איינגעשטאָכן
און ס׳נאָגט, נאָגט דער זייג־וואָרעם
דאָס נפֿש —
דאָס פליסנדיקע אין שרפֿהדיק געשוויר.

## ווערטער־פאַרטייטש

שלאַנדערער — וואָגלער

איינגעאוכנעט — איינגעאָטעמט

צארנעם — פוסטע פעלדער

פאַרטשעמעט — פאַרקלעמט

טאָלעקעס — פאַשע־פעלדער

פאָוויאַטינע — שפּינוועבס

צעפלאָשעט — צעיאָגט

ליניענדיק — פאַרלירט די פעדערן

דזשוויגע — טראָגן

זשיפּען — קוים־לעבעדיק

ראַזדראָך — צעוועק

ראַזוואָיען — פאַרגוואַלדעווען

ניסקערן — אויפפלאַמען

זאַפּרענעס — פּראָסט־שטעכעניש

סויווע — תכריכים־קלייד

נאָוויטנע — פרעמד־פאַרבלאָנדזשעטע

שוויענטי דוך — הייליקער גייסט

ראָפּע — זאַלץ־קוואַל

פּאָלאָנינעס — פאַשע־בערג ווו די שאָף פּיטערן זיך

קאָשערעס — נאַכט־איינצוימונגען פאַר די שאָף

טראָמבעטאַ — לאַנגע הילצערנע טרובע פון די שעפער גענוצט

מאַראַק — נעפּל

פּריספּע — גראָזן־באַנק פאַרן הויז

דער מחבר גרייט צום דרוק אַ בוך לידער

**א. נ.: „דורך ליכט און פינצטערניש"**

# אינהאַלט

## א. העכער די וואָלקנס

## ב. שטורעם איבער די בעסקידן

## אין פאַרלאַג י. ל. פּרץ זענען ביז היינט דערשינען פאָלגנדע ביכער:

### אין יידיש:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) — אויספאַרקויפט |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאָ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קיבוץ־לעבן) |
| מלך נוי (ניישטאַט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאַטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש (לידער) |
| יצחק לעוו | אין געראַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פּאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פּרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד־העם |
| עזרא קאָרמאַן | צייכנס און צירופים |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון וויי און גלויבן (לידער) |
| דוד זאַקאַליק | געראַנגל |
| אַ. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |

| | |
|---|---|
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין״ |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מרדכי אורן | דער פּראַגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראַגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יחיאל האָפּער | ר׳ זלמן |
| א. שטיינבאַרג | משלים |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואַרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |
| בעריש וויינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער (עסייען) |
| ד״ר ח. שאָשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |
| משה וויסמאַן | אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע |
| פּ. גאָרעליק | פון די מלינער וועלטן |
| י. בראָנשטיין | אינאיינעם און באַזונדער |
| פּ. בערמאַן | אָפענע פענצטער (לידער) |
| א. וואָלף יאַסני | די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג |
| אריה שמרי | די פונקען פון תיקון (פּאָעמע) |
| א. סוצקעווער | אָאַזיס (לידער) |
| א. מנור | 40 יאָר הסתדרות |
| א. לעוו | ביימער אין ווינט (לידער) |
| ל. אליצקי | מיין האַרץ־רייזע (לידער) |
| יעקב כהן | דער גורל פונעם ייד |
| נ. דרוזדוב | יידן אין מיטלאַלטערלעכן איטאַליע |
| ספר זרבבל | צו זיין 75־טן געבוירנטאָג |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | די זון הינטער מיר (לידער) |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (באַנד 1) |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (באַנד 2) |
| מ. יפה | ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור |
| ד״ר מ. דוואָרזשעצקי | איירָאָפּע אָן קינדער |

| | |
|---|---|
| ק. צעטניק | דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ |
| מלכה לי | אין ליכט פון דורות (לידער) |
| דבורה דיין | אין גליק און אין טרויער |
| יוסף ראָטנבערג | (צו זיין ערשטער יאָרצייט) |
| ש. פּאָליאַקעוויטש | אין אַ פרעמדער הויט |
| ב. עפּשטיין | זאַנגען אויפן ווינט |
| יוסף גאַר | ווידערקלאַנגען |
| ספר בארשטשיוו | יזכור־בוך |
| מרים ריינעס־מלצר | צום קוואַל |
| יעקב כהן | אונטער סאָוויעטישע הימלען |
| ד״ר חיים שאָשקעס | פון מאָסקווע ביז עבר הירדן |
| ב. שלעווין | חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן |
| ע. פערשלייסער | געקליבענע דערציילונגען |
| ה. אַקערמאַן | כ׳בין קיינמאָל נישט אַוועק פון דער היים |
| יחיאל האפּער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 1) |
| יחיאל האפּער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (באַנד 2) |
| אסתר לוריא | פרויען אין קנעכטשאַפט — אַלבאָם |
| רחל פישמאַן | זון איבער אַלץ |
| נוסיאַ — איניאַ שיפּמאַן | „דאָס לעבן נאָך פאַר מיר״... |
| אירגון נכי המלחמה בנאצים | אַנטקעגן דעם נאַצישן שונא |
| אירגון יוצאי סטרי | ספר סטרי (יידיש־העברעיש־ענגליש) |
| ש. זאראמב | אויסדערוויילטע שריפטן |
| ז. מ. טקאַטש | מיין האָב און גאָב (לידער) |
| רחל קאָרן | פון יענער זייט ליד |
| איציק מאנגער | ליד, באַלאַדע, דערציילונג (יידיש־העברעיש) |
| ל. חיין־שמעוני | ג אַ נ ג |
| לידער פון חורבן | אַנטאָלאָגיע צוזאַמענגעשטעלט — ק. מאָלאָדאָווסקי |
| מ. י. שעליובסקי | אין יאָרן אַרום |
| י. שטיינבערג | חכמה פון יידישן קוואַל (אַפאָריזמען, מאמרי חז״ל און גלייכווערטער) |

**ב ע ב ר י ת:**

| | |
|---|---|
| יוסף רוזן | כתבים נבחרים |
| אפרים שרייער | אמנות ותיאטרון |
| י. לשצינסקי | הדמות הלאומית של יהדות הגולה |
| יעקב פאַט | שיחות עם סופרים יהודיים |
| מ. ברלנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| יהושע גלבוע | על חרבות התרבות היהודית בברית־המועצות |
| נ. חנין | ברלה |
| י. זרבבל | עלי חיים |
| אפרים אויערבאַך | קריה לבנה — ווייסע שטאָט (עברית־יידיש) |
| א. אלמי | בין סיני לאולימפוס |
| מ. בורשטין | פת ומלח |
| ר. קביאטקובסקי־פנחסיק | נשים מאחורי הגדר |
| נחמיה לוינסקי | בצל הגזעים |
| ד. פלקסר | האידיאה והאמת |
| מול האויב הנאצי | זכרונות ועדויות (עברית־יידיש) |
| פ. בילצקי | השיר והמשורר (א. סוצקבר) |
| איציק מנגר | שיר, בלדה, סיפור |
| אליעזר ירושלמי | מיערות הצפון עד חורשות הכרמל |